ש. אנ—סקי

# די יידישע פאָלקסשאַפונג

סעפּעראַטער אָפּדרוק פון דעם פּעדאַגאָגישן חודש־זשורנאַל

„די נייע שול"



פאַרלאַג פון דער יידישער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע



תרפא ווילנע 1921

# די יידישע פאָלקסשאַפונג*).

(געווידמעט דער שוועסטער און פריינד, ש ר ה ר אַ פּ אָ פּ אָ ר ט).

„די פּאָעזיע פון אַ פאָלק שילדערט אונז העל און בולט יענע פאַרבאָרגענע אינעווייניקסטע וועלט פון דעם פאָלקסלעבן, וואוהין עס פירט אונז נישט אַריין ניט די פען פון דעם פלוי־סיקן היסטאָריקער, ניט דאָס שאַרפע אויג פון דעם מליץ־שרייבער.

אי. ג. אָרשאַנסקי.

פוק חזי מאי עמא דבר.

(עירובין י״ד).

מ׳קען דרייסט זאָגן, אַז ס׳איז נישטאָ נאָך אַזאַ פאָלק, וואָס זאָל אַזויפיל ריידן וועגן זיך און אַזוי ווייניק קענען זיך, ווי די יידן. אין דער יידישער פרעסע גייען שוין אַ צייט מיט יאָרן אומענדלעכע וויכּוחים און ליידנשאַפטלעכע אַמפּערנישן וועגן דעם עצם פון יידישקייט, וועגן פאָלקסטימלעכקייט, וועגן נאַציאָנאַליזם, וועגן דער גרויסער גייסטיקער ירושה, וועגן די קולטור־נאַציאָנאַלע ווערטן וכדומה; אין דער ווירקלעכקייט אָבער זעען מיר ניט ביי יידן ניט קיין ערנסטן אינטערעס צו דער יידישער קולטור, ניט קיין זאָרג וועגן אויפהיטן זי און ווייטער אַנטוויקלען, ניט די מינדסטע באַוואוסטזיניקע שטרעבונג אויסצופאָרשן די פאָלקסטימלעכע וועלט־באַנעמונג און די נאַציאָנאַלע אייגנטימלעכקייטן פון דעם יידישן פאָלק. מיר האָבן ניט קיין באַדייטנדע קולטורעלע אינסטיטוטן, און אונזער ליטעראַטור אויף אַלע דריי שפּראַכן (יידיש, העברעאיש און רוסיש) האָט ניט אונטער זיך קיין שום מאַטעריעלן באָדן. אונזערע געציילטע פעריאָדישע אויסגאַבן און די פּאָר פאַרלאַגן, אויב זיי עקסיסטירן ווי עס איז, איז עס נאָר אַדאַנק דער מאַטעריעלער אונטערשטיצונג פון פריוואַטע פּערזאָנען אָדער פון פּאַרטיי־געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס. מיר האָבן כּמעט ניט קיין ליטעראַרישע געזעלשאַפטן, קיין ליטעראַ־טור־פאָנד. מיר האָבן נישט ניט נאָר וואָס קיין אַקאַדעמישע אויסגאַבן פון אונזערע בעסטע שריפטשטעלער, נאָר דאָס רוב אפילו ניט קיין פולשטענדיקע אויסגאַבן פון זיי, מיר האָבן ניט קיין אויספירלעכע ביאָגראַפיעס פון פיל פון זיי. מיר האָבן נישט ניט קיין היסטאָרישן זשור־נאַל, ניט קיין מעמואַרן־ליטעראַטור, ניט קיין באַדייטנדע מאָנאָגראַפיעס אפילו וועגן די בולט־סטע תקופות פון אונזער קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן פאַר דעם לעצטן יאָרהונדערט.

נאָך אַ גרעסערער אינדיפערענטיזם ווייזט אונזער אינטעליגענץ אַרויס צו דער יידישער עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר, צו יענעם אוצר פון דער פאָלקסשאַפונג, וואָס נאָר ער אַליין קען

אונז געבן די אמתע פּאָרשטעלונג וועגן דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און וועלטבאַנעמונג פון דעם יידישן פאָלק, וועגן זיינע קולטורעל-עטנאָגראַפישע, פּסיכישע און מאָראַלישע אייגנטימ-לעכקייטן. אויב דער דאָזיקער געביט ווערט טיילמאָל באַרירט אין אונזער פרעסע, איז עס גרעסטנטיילס ניט פאַר זיך, נאָר פאַר אַנדערע, ניט צוליב זעלבסטדערקענטעניש, נאָר צוליב זעלבסטפאַרטיידיקונג, מיט דעם צוועק אָראָפּצונעמען פון די יידן אַ וועלכע עס איז בייזוויליקע באַשולדיקונג, אָפּצולייקענען אַ וועלכן עס איז בילבול. עפּעס אַזוי ווי פאַר זיך גופא נייטיקן זיך די יידן גאָרניט אין זעלבסטדערקענטעניש. ס'איז גענוג, אַ ייד זאָל קענען עטלעכע גלייכ-ווערטלעך און וויצן, אַז ער זאָל זיך האַלטן פאַר אַ טיפן קענער פון „יידנטום".

קיינער וועט ניט גיין אָפּפרעגן, אַז די עטנאָגראַפיע און בפרט דער פאָלקלאָר פון דעם אַלטן קולטור-פאָלק, וואָס האָט אין משך פון צוויי טויזנט יאָר געוואָגלט צווישן אַ סך קולטור-פעלקער פון אַרישן שטאַם, דאַרף זיך אויסצייכענען מיט אַ גרויסער עשירות און פאַרשיידנאַר-טיקייט און האָבן אַ אומגעהייערע געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג. און דאָך איז אויף דעם געביט פון אויספאָרשן די יידישע עטנאָגראַפיע אויפגעטאָן געוואָרן אפשר ווייניקער ווי אין דער עט-נאָגראַפיע פון אַ ליאַדע האַלב-ווילדן שבט. אמת, די רוסישע יידן האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך ניט ווייניק אויסגעצייכנטע עטנאָגראַפן, אָבער קיין איינער פון זיי האָט זיך ניט באַשעפטיקט מיט דער באַאַרבעטונג פון דער יידישער עטנאָגראַפיע. דער באַוואוסטער עטנאָגראַף, דער זאַמלער פון די רוסישע שפּריכווערטער און דער מחבר פון דעם „טייטשווערטערבוך" וו. ד אַ ל, וועלכער האָט געשטאַמט פון יידן, האָט ניט אָנגעשריבן אפילו קיין צוויי שורות איבער דער יידישער עטנאָגראַפיע. דאָס אייגענע קען מען זאָגן אויך וועגן דעם זאַמלער פון די רו-סישע פאָלקסלידער פּ. וו. ש ע י ן. די איצטיקע יידן-עטנאָגראַפן, ל. י. ש ט ע ר נ ב ע ר ג, מ. אַ. ק ר אָ ל, וו. ג. ב אָ ג אָ ר אַ ז (טאַן), וו. אי. יָאָ כ ע ל ס אָ ן, וואָס האָבן די בעסטע יאָרן פון זייער לעבן פאַרבראַכט אין די סיבירער טונדרעס, זיינען געווען געצוואונגען דורך די אומשטענדן צו פאַרנעמען זיך מיט דער פאָרשונג פון די ווילדע און האַלב-ווילדע נאָמאַדן, די בוריאַטן, יוקאַגירן, גיליאַקן, טשוקטשן א. אַנד. און דאָס יידישע פאָלק וואַרט נאָך אַלץ אויף זיין עטנאָגראַף.

העכער מיט 40 יאָר צוריק האָט אי. ג. אָרשאַנסקי, וועלכער האָט אפשר דער ערשטער אויפגעהויבן אין דער פּרעסע די פראַגע וועגן דער יידישער פאָלקסשאַפונג, אָנגעוויזן אויף דער אומגעהייערער וויסנשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעכער באַדייטונג זי אויסצופאָרשן. וואָס איז אָבער אויפגעטאָן געוואָרן אויף דעם דאָזיקן געביט פאַר באַלד אַ האַלבן יאָרהונדערט? ווען מ'זאָל ניט רעכענען עטלעכע אַרטיקלען אין זשורנאַלן און צייטונגען, דאָס רוב אומבאַדייטנדע, זיינען מיר פאַר דער דאָזיקער צייט, ריכטיקער געזאָגט—פאַר די לעצטע צען יאָר, באַרייכערט געוואָרן סך-הכל מיט צוויי מער אָדער ווייניקער באַדייטנדע זאַמלונגען פון יידישע פאָלקסלי-דער און שפּריכווערטער*), וואָס אַנטהאַלטן אין זיך אַרום 400 לידער (דערינען וואַריאַנטן און פראַגמענטן) און אַרום 4000 **) שפּריכווערטער. און דאָס איז גאָר, וואָס מיר האָבן אויף דעם געביט פון דעם רייכסטן יידישן פאָלקלאָר. ניט נאָר איז עד-היום נאָך ניט אַרויסגעגעבן, נאָר

---

*) „יידישע פאָלקסלידער אין רוסלאַנד", געזאַמלט און אַרויסגעגעבן אונטער דער רעדאַקציע און מיט אַ אַרײַנפיר פון ש. ג י נ ז ב ו ר ג און פּ. מ אַ ר ע ק, פעטערבורג 1901.—א י ג נ אַ ץ ב ע ר נ ש ט י י ן, „יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן", צווייטע פאַרמערטע און פאַרבעסערטע אויפלאַגע (די ערשטע אויסגאַבע איז אַרויס אין יאָר 1888) וואַרשע, 1908.

**) אין דער ווייס ניט פולשטענדיקער זאַמלונג „שפּריכווערטער פון דעם רוסישן פאָלק" פון וו. ד אַ ל איז דאָ ביז 30000 שפּריכווערטער.

ס'איז אפילו קיין פרוב נאָך ניט געמאַכט געוואָרן צו זאַמלען און פאַרשרייבן די פאָלקסמעשיות, לעגענדעס, משלים, אָפּשפּרעכענישן, גלויבונגען וכדומה.

אָבער די דאָזיקע זאַך קען ניט אָפּגעלייגט ווערן. מיט יעדן יאָר, מיט יעדן טאָג גייען אונטער, פאַרשווינדן די טייערסטע פּערל פון דער פאָלקסשאַפונג. דער אַלטער דור, דער פאָרגייער פון דעם קולטורעלן איבערבראָך, שטאַרבט אויס און טראָגט אַוועק אין קבר אַריין די ירושה פון אַ טויזנטיאָריקער פאָלקסשאַפונג. ווי גיך עס ווערן פאַרגעסן און ס'פאַרשווינדן די ווערק פון דער דאָזיקער פאָלקסשאַפונג קען מען אַרויסזען פון אַזאַ מין פאַקט:

אין זיינע אַרטיקלען ברענגט אגב אָרשאַנסקי פראַגמענטן פון אייניקע, זייער פּאָפּולערע פאָלקסלידער, פון דעם „ליד וועגן טויט“ פון אַ סאַטיריש ליד וועגן אָפּגעקומענע גבירים, פון אַ ליד וועגן צוויי ברידער, וואָס דערמאָנט שטאַרק דעם רוסישן „שיר וועגן דעם גביר און לאַזאַר“ און אַנד. אָט די דאָזיקע לידער איז אויך מיר אויסגעקומען צו הערן קינדווייז און איך געדענק זיי נאָך עד=היום, און איך קען באַשטעטיקן, אַז נאָך מיט אַ 30 יאָר פריער זייַען זיי געווען זייער פּאָפּולער אין דער מאַסע. אָבער אין דער זאַמלונג פון גינזבורג און מאַרעק, וואָס פאַר איר זיינען די לידער געקליבן געוואָרן אין אַלע עקן רוסלאַנד אפשר דורך אַ 50 פּערזאָן, געפינען מיר שוין ניט די דאָזיקע לידער. ווייזט אויס, אַז צום אָנהייב XX יאָרהונדערט, אַ איבער אַ 20—25 יאָר נאָכדעם, ווי איך האָב זיי געהערט, זיינען זיי שוין פאַרגעסן געוואָרן.

ביי היינטיקן טאָג שטייט פאַר אונז אַן אויפגאַבע ניט אָפּצולייגן: אָרגאַניזירן אומעטום אַ סיסטעמאַטישע זאַמלונג פון די ווערק פון אַלע מינים פאָלקסשאַפונג, פון די מאָנומענטן פון יידישן אַלטערטום, אַ באַשרייבונג פון דעם אַלטן יידישן לעבנסשטייגער. די דאָזיקע זאַך, אינגאַנצן אַ אויסערפּאַרטייאישע, אַ קולטורעלע און נאַציאָנאַלע, דאַרף צוציען און גרופּירן אַרום זיך די בעסטע כוחות פון אונזער פאָלק. שוין צייט צו שאַפן די יידישע עטנאָגראַפיע!

---

## דער כאַראַקטער און די אייגנשאַפטן פון דער יידישער פאָלקס-פּאָעטישער שאַפונג.

### I.

אין דער יידישער שאַפונג, ניט נאָר דער פאָלקספּאָעטישער, נאָר אַפילו אויך דער אַלטנאַציאָנאַלער (אין דער געשטאַלט, אין וועלכער זי איז דערגאַנגען צו אונז) פעלן כמעט אַלע גרונד=מאָטיוון פון דער פאָלקספּאָעטישער שאַפונג פון די אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער. אויב אין די עלטסטע. דענקמעלער פון יידישן פאָלקס=געניוס (חומש, נביאים ראשונים) דערקענען מיר נאָך שפּליטערס פון פאַרהיסטאָרישן עפּאָס און פון העלדן=געזאַנגען, איז אָבער אין די שפּעטערע ווערק פון דער נאַציאָנאַלער און פאָלקסטימלעכער שאַפונג, דעם היינטיקן פאָלקלאָר אַריינגערעכנט, געפינען מיר נישט ניט דעם העלדן-עפּאָס, ניט די העלדן=לעגענדעס און העלדן=לידער, ניט קיין קריגעריש=פּאַטריאָטישע פּאָעמען—קיין שום זאַך פון דעם, וואָס זאָל לויט פאָרם און אינהאַלט זיין ענלעך אויף „איליאַדע“ און „אָדיסעע“, אויף די סקאַנדינאַווישע סאַגעס, אויף די רוסישע בילינעס, אויף דעם דייטשן „ניבעלונגענליד“, אויף די פראַנצויזישע „Chansons de geste“ א. אַנד.

דער יידישער נאַציאָנאַלער און פאָלקסטימלעכער פּאָעזיע זיינען אינגאַנצן פרעמד אַזעלכע מאָטיוון, ווי די אידעאַליזאַציע פון פיזישער גבורה, ווי די התפעלות פאַר דעם אַזאַרט פון מלחמה, ווי דאָס באַזינגען ריטערלעכע גבורות און נצחונות—בכלל פרעמד יעטווידער בוקן זיך צו דער טריאומפירנדיקער פיזישער קראַפט.

די סיבה פון דער דאָזיקער ערשײַנונג איז קודם־כל די, וואָס די יידישע פאָעטישע פאָלקסשאַפונג קוועלט אַרויס פון אַ גאַנץ אַנדער מקור, ווי די שאַפונג פון אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער. אין דער צייט וואָס אין יסוד פון דעם גאַנצן פאָלקלאָר פון די קריסטלעכע פעלקער ליגט דער היידנישער עלעמענט, וועלכער באַזירט אויף דער מאַטעריאַליזאַציע און קעגנזייטיקער מלחמה פון די נאַטור־קרעפטן און אויף דעם קולט פון דער פערזענלעכקייט, — איז די יידישע שאַפונג אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט דער אידעע פון אחדות הבורא, וועלכע איז אין איר גרונד פיינדלעך צו יעדער מין קאַמף און שטעלט די גייסטיקע שלמות העכער פאַר דער מאַטעריעלער און מכל־שכן — פאַר דער פיזישער.

ביי די אייראָפעאישע פעלקער, וואָס האָבן צו דער צייט פון זייער אַריבערטרעטן צום קריסטנטום דערגרייכט אַ מער אָדער ווייניקער הויכע מדרגה פון קולטורעלער אַנטוויקלונג, האָט זיך די מאָנאָטעאיסטישע אידעע צוזאַמענגעטראָפן מיט די נאַציאָנאַלע געטער, מיט אַ איינגעשטעלטן קולט, מיט אַ פולקום אויסגעפורימטער היידנישער וועלטבאַנעמונג און מיט אַ אויסגעקריסטאַליזירטער היידנישער לעגענדע. און אויב די פאָלקסמאַסן האָבן, נאָך אַ האַרטנעקיקן, טיילמאָל דורות־לאַנגן ווידערשטאַנד זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע נאַציאָנאַלע געטער און פון היידנישן קולט, זיינען זיי אָבער טריי געבליבן זייער אַלטער וועלטבאַנעמונג און דער היידנישער לעגענדע, וועלכע האָבן עס געדינט פאַר אַ יסוד פאַר דער גאַנצער שפּעטערער פאָלקספּאָעטישער שאַפונג אין דער פאָרם פון מעשהלעך, לעגענדעס, גלויבונגען, אָפּשפּרעכענישן, מנהגים און טיילווייז לידער. דאָס איינציקע, אין וואָס עס האָט זיך אויסגעדריקט די ווירקונג פון דער קריסטלעכער אידעע אויף דעם היינטיקן אייראָפעאישן פאָלקלאָר — איז, וואָס ער האָט אַסימילירט די קריסטלעכע נעמען און געשעענישן און האָט אויפגענומען אייניקע לעגענדעס, וואָס זיינען באַאַרבעט מיט אַ קריסטלעכער שטימונג, אָבער אין זיין גרונד איז ער געבליבן היידניש.

גאַנץ אַנדערש איז געגאַנגען די אַנטוויקלונג פון דער יידישער פאָלקסשאַפונג. דאָס יידישע פאָלק, וואָס האָט געבראַכט דער וועלט די אידעע פון מאָנאָטעאיזם, האָט אָנגענומען דעם דאָזיקן קולט ביים אָנברוך פון זיין קולטור־נאַציאָנאַלן לעבן נאָך פריער, איידער דאָס פאָלק האָט באַוויזן צו שאַפן זיך נאַציאָנאַלע געטער, אַ היידנישע וועלטבאַנעמונג און אַ היידנישע לעגענדע. אמת, אויך די יידישע פאָלקסמאַסע האָט אַ לאַנגע צייט ניט געוואָלט זיך באַפרידיקן מיט אַ אַבסטראַקטן גייסטיקן גאָט און האָט זיך געזוכט קאָנקרעטע, מאַטעריעלע געטער. אַלס בעסטער סימבאָל פאַר דער דאָזיקער זוכעניש קען דינען די ביבלישע לעגענדע וועגן רחלען, וועלכע האָט צוגעגנבעט די געצנבילדער פון איר פאָטער. די פאָלקסמאַסע, וואָס איז נאָר־וואָס אַרויס פון מצרים, פאָדערט ביי אהרנען: „שטיי אויף, מאַך פאַר אונז געטער, וואָס זאָלן גיין פאַר אונז" (שמות, ל"ב, א). אויך שפּעטער, אין משך פון הונדערטער יאָרן, ניט קוקנדיק אויף משה־רבינוס התראות, ניט קוקנדיק אויף זיי פייערדיקע שטראָפרייד פון אַלע נביאים, האָבן די יידן ביי יעדער צוזאַמענשטויס מיט די געצנדינער זיך געלאָזט מיטרייסן פון זייער קולט, זיך אָנגעהויבן צו בוקן צו דגן, בעל, עשתורת, מולך און אַ סך אַנדערע אָפּגעטער. אָבער די דאָזיקע אַלע געטער פון דער עבודה־זרה זיינען געבליבן פאַר די יידן פאָרט ניט מער ווי „אלהים אחרים" — פרעמדע געטער, און דאָס פאַרהערלעכן זייטווייליק האָט ניט איבערגעלאָזט קיין שום באַדייטנדיקן שפּור אין דער יידישער שאַפונג, ניט געהאַט קיין שום קענטיקע ווירקונג אויף דער יידישער וועלטבאַנעמונג. סוף־כל־סוף איז דער קולט פון מאָנאָטעאיזם געוואָרן פאַר דעם יידישן פאָלק דער נאַציאָנאַלער קולט און זיך פאַרוואַנדלט אין דעם איינציקן מקור פון דער גאַנצער פאָלקסשאַפונג.

די צווייטע סיבה פון דער אויבנדערמאָנטער ערשיינונג ליגט אין די אויסנאַמלעכע און אייגנאַרטיקע פאָרמען פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן פון דעם יידישן פאָלק אין משך פון די לעצטע

צוויי יאָרטויזנטער. פאַרלאָרן דאָס אייגענע לאַנד, דאָס זעלבשטענדיקע מלוכישע לעבן, צעזייט צווישן אַנדערע פעלקער, גערודפט און אוממעכטיק, האָט דאָס יידישע פאָלק ניט געהאַט קיין שום באָדן פאַר אייגענער הערצאָישער פּאָעזיע און וויניקער פאַר אַלץ געהאַט טעמים צו באַגייסטערן זיך מיט די נצחונות און גבורות פון לאַנדבאַצווינגער, העלדן און ריטער פון די פרעמדע פעלקער.

אָט די צוויי אומשטאַנדן האָבן גורם געווען, וואָס אין דער יידישער פאָלקשאַפונג פעלן כמעט אינגאַנצן הערצאָישע מאָטיוון. אָנשטאָט זיי געפינען מיר אין דער דאָזיקער שאַפונג די קעגנזעצלעכע מאָטיוון, וועלכע זיינען דורכגעדרונגען מיט דער טענדענץ, אַז די רוחניותדיקע (גייסטיקע און מאָראַלישע) שלמות איז ניט דער ערך העכער, ממשותדיקער און מעכטיקער פאַר דער מאַטעריעלער, פיזישער מאַכט, ווי גיבוריש זי זאָל ניט זיין.

דאָס ערשטע ווערק פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן געניוס—דער חומש, וואָס די שערבלעך פון די גיבורישע לעגענדעס אין אים האָבן די שפּעטערדיקע שאַפער פון דעם נביאים-פּע־ריאָד אַזוי ווייט אַנדערש באַפאַרבן, אַז יהוה, דער „איש מלחמה“, איז ביי זיי מגולגל געוואָרן אין אַ „אל רחום וחנון“—איז שוין באַשטימט דורכגעדרונגען מיט אַ נעגאַטיווער באַציאונג צו דער מאַטעריעלער קראַפט, בפרט צו דער פיזישער, און מיט דער אידעאַליזאַציע פון דער רוחניותדיקער פולקומהייט. אין די פילע ביבלישע עפּיזאָדן פון פאַר די נביאים ווייזט זיך שוין גאַנץ בולט־אַרויס די טענדענץ, אַז ביי צוזאַמענשטויסן צווישן באַזונדערע פּערזאָנען אָדער פעלקער איז כמעט שטענדיק מנצח דער, וואָס איז פיזיש שוואַכער, אָבער העכער גייסטיק. אברהם מיט אַ הייפל זיינע קנעכט איז גובר פיר מלכים, יעקב באַקומט די איבערמאַכט אי־בער זיין שטאַרקערן ברודער עשו. ביים איבערגיין דעם מדבר פאַרטיליגן די יידן גאַנצע שבטים ריזן, מיט דעם מוראדיקן ריז עוג מלך הבשן בראש. דער קליינגעוויקסיקער דוד דער־שלאָגט גליתן, דעם גרויסן העלד*).

אָבער די דאָזיקע אַלע נצחונות איבער די מוראדיקע מחנות אָדער איינציקע העלדן ווערן ניט צוגעשריבן דעם כוח און דער גבורה פון די זיגער, נאָר בלויז דעם אָרים פון גאָט. משה רבינו דערמאָנט שטענדיק דעם יידישן פאָלק, אַז „גאָט האָט אים (דעם פאָלק) איבערגעענטפערט אין די הענט די פיינד זיינע“, און ער וואָרנט דאָס פאָלק, אַז עס זאָל „ניט טראַכטן ביי זיך אין האַרצן: „מיין כוח און די מאַכט פון מיין האַנט האָט עס מיר איינגעשאַפט דעם דאָזיקן רייכ־טום“ (דברים ח, י״ז); וואָרים אַזוי קענען נאָר טראַכטן נאַראָנים; דער פאַרשטענדיקער אָבער דאַרף פאַרשטיין: „ווי אַזוי זאָל איינער יאָגן טויזנט און צוויי זאָלן מאַכן לויפן צען טויזנט, ווען ניט זייער פעלז, וואָס האָט זיי פאַרקויפט, און יהוה, וואָס האָט זיי איבערגעגעבן“? (דברים ל״ב, ל). אַ.ב. ווערן די דאָזיקע נצחונות דאָס רוב ניט נאָר צוגעשריבן דער געטלעכער הילף, נאָר גאָט אַליין טאָקע האַלט זיי אויך אָפּ ביי זייער אַ שוואַכן אָנטייל מצד דעם יידישן חייל.

אויסגעהאַלטענער און באַשטימטער ווי אין חומש האָבן זיך די דאָזיקע אַלע אייגנטימלעכ־קייטן פון דער יידישער שאַפונג אַרויסגעוויזן אין די ווערק פון די נביאים. דאָס רוב פון זיי האָבן געלעבט אין אַזאַ צייט, ווען דעם יידישן פאָלק איז אויסגעקומען צו פירן אַ פאַר־צווייפלטן געראַנגל קעגן די חיילות פון די באַצווינגער, צו פאַרטיידיקן מיט געווער אין האַנט ניט נאָר די נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט, נאָר אַפילו זיין קיום גופא. און פונדעסטוועגן, אָנשטאָט צו וועקן מיט זייערע נביאות דעם קריגערישן גייסט, צו רופן דאָס פאָלק צום קאַמף, צו באַזינגען די גבורות פון די באַהאַרצטע און שטאַרקע, ווי דאָס פלעגן אין אַזעלכע פאַלן

*) די דאָזיקע טענדענץ איז אפשר אויך נעקומען צום אויסדרוק אין פרעהם חלום, אַז די מאָגערע קי האָבן איינגעשלונגען די פעטע.

טאָן די דיכטער פון אַנדערע פעלקער—האָבן זיי דעם גאַנצן כוח פון זייער מעכטיקן וואָרט אָנגעווענדט דערייף, אומצוקערן דאָס פאָלק צו דינען גאָט, און געוואָרנט עס פאַר זיינע זינד מיט די שרעקלעכסטע אָנשיקעניִשן, חורבונות, קנעכטשאַפט און שאַנד. ס'פלעגט קומען אַזוי ווייט, אַז דער גרעסטער פון די נביאים, ירמיהו, איז שיר ניט געטייט געוואָרן, פאַרוואָס „ער שוואַכט אָפּ דעם גייסט פון פאָלק".

די נביאים זיינען אין גאָטס נאָמען שטענדיק מתרה די יידן: „דער קלוגער זאָל זיך ניט רימען מיט זיין חכמה, און דער שטאַרקער זאָל זיך ניט רימען מיט זיין גבורה, און דער רייכער זאָל זיך ניט רימען מיט זיין רייכקייט; נייערט דערמיט זאָל זיך רימען דער, וואָס וויל זיך רימען, אַז ער פאַרשטייט און קען מיך, אַז איך בין דער האַר, וואָס טוט חסד, משפט און גערעכטיקייט אויף דער ערד" (ירמיה, ט, כב—כג).

די נביאים מאָלן טיילמאָל שטאַרקע און מעכטיקע גיבורים, אָבער דאָס טוען זיי נאָר, כדי אָנצושרעקן מיט זיי די זינדיקע און ווידערשפעניקע. דער נביא יואל, שילדערנדיק דעם קומענדיקן „טאָג פון חושך ואפלה", זאָגט אָן: „אַזוי ווי דער מאָרגנשיין שפרייט זיך אויס איבער די בערג אַ פאָלק פיל אין צאָל און אַ שטאַרקס, וואָס זיין גלייכן איז נאָך ניט געווען פון אייביק אָן און אויך נאָך אים וועט ניט זיין מער פון דור צו דור" (יואל ב, ב). אַן אַנדער נביא, חבקוק, שילדערט די כשדים ווי מעכטיקע גיבורים: גאָט דער האַר זאָגט: „זע—איך וועל אויפשטעלן די כשדים, דאָס ביטערע און געשווינטע פאָלק, וואָס וועט דורכגיין די ברייט פון דעם לאַנד, איינצונעמען די וואוינונגען, וואָס זיינען ניט זיינע. גרויזאַם און שרעקלעך איז עס; דער משפט און די מאַכט גייט אַרויס פון אים אַליין. זיינע פערד זיינען געשווינטער ווי די לעמפערטן און שאַרפער ווי די וועלף, וואָס פון דער נאַכט. זיינע רייטער ציען מחנותווייז, פון דער ווייט קומען זיי אָן, פליען ווי די אָדלערס, וואָס איילן צו זייער רויב. זיי אַלע קומען צו גזלה, מיט זייער פנים צו מזרח-זייט, און וועלן איינזאַמלען געפאַנגענע ווי זאַמד. זיי וועלן שפעטן פון די מלכים און פון די פירשטן וועלן זיי לאַכן; איטלעכע פעסטונג וועט פאַר זיי זיין אַ שפילכל, וועלן אָנשיטן ערד און זי באַצווינגען". און דער נביא לאָזט אויס די דאָזיקע באַשרייבונג מיט אַזאַ כאַראַקטעריסטישן אויסרוף: „אָ גאָט, דו האָסט אים אָנגעברייט צום משפט!.. דיינע אויגן זיינען צו ריין, צו זעען שלעכטס, און אויף אומגערעכטע מעשים קענסטו ניט קוקן; פאַרוואָס-זשע קוקסטו אויף די פעלשער און טוסט שווייגן, ווען דער רשע שלינגט איין דעם, וואָס איז גערעכטער פון אים?" (חבקוק, א, ו—י, י"ב—י"ג).

אויב די נביאים, דערהויפּט די גרעסערע פון זיי, לעבנדיק אין אַ אַטמאָספערע פון אומאויפהערלעכע מלחמות, אינוויניקסטע רייסערייען און קעגנזייטיקער פאַרלענדונג פון די פעלקער און שבטים, וואָס האָבן געוואוינט אין שכנות איינס מיטן אַנדערן,—האָבן געווידמעט דעם גרעסטן טייל פון זייערע נביאות דעם פייער און שווערד, פאָראויסגעזאָגט אָנפאַלן, פאַרטיליגונגען און קנעכטשאַפט,—זיינען אָבער זייערע פערזענלעכע אידעאַלן געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן הומאַניזם, מיט אַ ליידנשאַפטלעכער שטרעבונג צו ליכט, צו גערעכטיקייט, צו שלום און צו סאָציאַלן יושר. און איטלעכס מאָל, ווען זיי פלעגט זיך איינגעבן אָפּצוּווענדן זייער בליק פון דער פינסטערער ווירקלעכקייט און אַריינקוקן אין דער טיף פון דער צוקונפט—פלעגט פאַר זייער בליק זיך אויסמאָלן גאָר אַן אַנדער וועלט, וואָס איז געבויט אויף די יסודות פון ברידערלעכקייט, גערעכטיקייט און אַבסאָלוטן שלום ניט נאָר צווישן מענטשן, נאָר אַפילו צווישן חיות און בהמות. (ישעיה, י' ב, ד; י"א, ו—י; יחזקאל ל"ט, ט—י; הושע, ב, כ; מיכה, ד, ג—ה; זכריה, ט, י).

## .II

אויב אַזאַ נעגאַטיווע באַציאונג צו קריגערישער מאַכט, גיבורישער קראַפט און שלאַכט=העראָאיזם האָט דאָמינירט אין דער נאַציאָנאַלער שאַפונג סיי בשעת דעם נאַציאָנאַלן לעבן פון די יידן, סיי דאַן, ווען זיי האָבן פאַרטיידיקט זייער זעלבשטענדיקייט אָדער געהאָפט זי צוריקצוקערן מיט דער הילף פון געווער,—האָט די דאָזיקע באַציאונג זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט שפּעטער, ווען דאָס פאָלק, פאַרטריבן אין גלות, האָט אָנגעוואָרן יעדע האָפענונג מיט אייגענע כּוחות אומצוקערן זיך דאָס פאַרלאָרענע פאָטערלאַנד. די אידעאַליזאַציע פון דער רוחניותדיקער פּולקומהייט און דאָס אַנטקעגנשטעלן זי דער מגושמדיקער און בייזער פיזישער קראַפט, וואָס פריער האָט עס אַרויסגעקוועלט פון אינעווייניקסטע מאָראַלישע מאָטיוון, איז איצט דיקטירט געוואָרן דורך די אויסערלעכע לעבנס=באַדינגונגען. דאָס פאַרלירן ביסלעכווייז די געוויינהייטן פון מלחמה און דער טיפער באַוואוסטזיין פון דער אייגענער פולשטענדיקער אוממעכטיקייט, האָבן סיסטעמאַטיש אויסגעמעקט פון דער יידישער שאַפונג אַלץ, וואָס האָט געהאַט די מינדסטע שייכות צו קריגערישקייט און שלאַכט=העראָאיזם. אין דער תּלמודישער ליטעראַטור געפינען מיר שוין זייער ווייניק דערציילונגען אין באַטראַכטונגען וועגן מלחמות, נצחונות און מפּלות. אַריינגעטאָן אינגאַנצן אין איין אויפגאַבע: מיט גייסטיקע בענדער צו פאַרקניפּן דאָס פאָלק, וואָס האָט פאַרלאָרן זיין טעריטאָריאַל=מלוכישע אָרגאַניזאַציע, שטעלט זיך דער תּלמוד גאַנץ ווייניק אָפּ אויף די פּאָליטישע געשעענישן פון זיין צייט, ווען אַפילו זיי זיינען דירעקט געווען שייך צו די יידן. לעבנדיק אויסשליסלעך אין דער פאַרגאַנגענהייט, האָט ער זיך כסדר צוריקגעקערט צו די ביבלישע לעגענדעס, זיי אויסגעטייטשט, פּאָפּולאַריזירט און דערהויפּט היפּערבאָליזירט, כּדי צוצוגעבן די ביבלישע פּערזאָנען און געשעענישן וואָס אַ גראַנדיאָזערן כאַראַקטער. און בלויז אויף דעם באָדן גיט דער תּלמוד עטלעכע לעגענדעס וועגן גיבורים. אָבער אַלע האָבן זיי אַ ספּעציפישן כאַראַקטער: די תּלמודישע ריזן און גיבורים צייכענען זיך דערהויפּט אויס מיט אַ משונה גרויסער וואוקס, טיילמאָל מיט אַ משונה ווילדער קראַפט, אָבער דער תּלמוד שילדערט זיי נישט ניט קריגעריש און ניט בלוטדאָרשטיק און שטעלט זיך ניט אָפּ אויף זייערע גבורות. לויט דער תּלמודישער לעגענדע איז אדם הראשון געווען אַזאַ ריז, אַז ער האָט מיט זיין וואוקס געגרייכט ביזן הימל, און אין דער ברייט—פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן („עבודה זרה״, ח). לויט אַן אַנדער תּלמודישער לעגענדע זיינען אַלע מענטשן אַמאָל פאַרן מבול געווען ריזן; אין עטלעכע מינוט האָבן זיי געקענט אויסגיין די גאַנצע וועלט; אַז זיי פלעגן אויפן וועג אָנטרעפן וועלדער פון הונדערטיאָריקע דעמבעס, פלעגן זיי זיי אויסרייסן אַזוי ווי גראָז. אַז אויף זיי פלעגן אָנפאַלן לייבן און לעמפּערטן, האָבן זיי געפילט זייער ביס אַזוי ווי דעם ביס פון מוקן. די ווייבער פון די דאָזיקע ריזן פלעגן געבוירן צו זעקס קינדער פאַר אַמאָל, און די נייגעבוירענע פלעגן זיך גלייך שטעלן אויף די פיס, שפּילן און טאַנצן. זיי פלעגן תּיכף אָנהייבן צו ריידן אויף לשון=הקודש („פּרקי אליעזר״, כ״ב).

אַ ריז איז אויך געווען משה רבינו, אָבער ער ווערט אַזוי געשילדערט נאָר דערפאַר, כּדי בולטער אַרויסצושטעלן די אומגעהייערע וואוקס פון דעם קלאַסישן ריז עוג מלך הבשן. משה איז געווען די הייך 10 איילן, אַ שווערד האָט ער געהאַט פון צען איילן די לענג און ביי דער באַגעגעניש מיט עוגן האָט ער געגעבן אַ שפּרונג אויף צען איילן, אָבער געטראָפן האָט ער דעם ריז נאָר אין קנעכל.

דער תּלמוד שילדערט יעקבס זין, דערהויפּט שמעונען און יהודהן, ווי מעכטיקע גיבורים. וועגן דעם לעצטן ווערט דערציילט, אַז ווען יוסף, איידער ער האָט זיך געלאָזט דערקענען פאַר די ברידער, האָט געהייסן אַריינזעצן שמעונען אין תּפיסה, האָבן זיך אויף שמעונען אַ

וואָרף געטאָן 70 קריגסלייט מיט אַנטבלויזטע שווערדן. ער האָט אָבער דערלאַנגט אַזאַ שטאַרקן ברום, אַז זיי זיינען אַלע גלייך צעפאַלן אויף דער ערד און זיך אפילו אויסגעהאַקט די ציין, און יוסף מיט זיינע דינער האָבן זיך דערשראָקן און זיך צעלאָפן („בראשית" כב, ט"ו, צ"א)*).

אויב די אגדתא שילדערט די פּערזאָנען פון תנך ווי אויסטערלישע גיבורים, כּדי צו ווייזן די גרויסקייט, הייליקייט און אומבאַרירלעכקייט פון דער ביבלישער דאָגמע, איז אָבער די באַציאונג פון תלמוד גופא צו דער קראַפט פון גיבורים און צום קריגערישן העראָאיזם פונקט אַזאַ נעגאַטיווע, און אפשר נאָך אַ נעגאַטיווערע, ווי אין חומש און ביי די נביאים**). באַזונ־דערס בולט האָט זיך עס אַרויסגעוויזן אין די תלמודישע לעגענדעס וועגן אלכּסנדר מוקדון, וואָס צו אים באַציט זיך דער תּלמוד ניט נאָר מיט גרויס דרך־ארץ, נאָר אפילו מיט יראת־הכּבוד. דער גרויסער איש־מלחמה פיגורירט אין די דאָזיקע לעגענדעס בלויז אַלס גרויסער חכם, אַלס גע־רעכטיקער און גנעדיקער הערשער. צו אים קומען זיך משפטן פאָרשטייער פון פאַרשיידענע פעלקער און ער טראָגט אַרויס אַ גערעכטן פסק־דין. ער רופט צונויף די יידישע חכמים און גיט זיי אויף פראַגן און רעטענישן. אָבער וועגן זיינע העראָאישע נצחונות און מלחמות שווייגט אינגאַנצן די אגדתא און באַציט זיך אפילו צו זיי איראָניש, ווי, למשל, אין דער אגדה וועגן די אַמאַ־זאָנקעס, וואָס ווען אלכסנדר מוקדון איז געקומען זיי אַיינעמען, האָבן זיי אַרויסגעטראָגן זיין הונגעריקן חייל אַנטקעגן גאָלדענע לעבלעך ברויט און אויף דער בקשה צו געבן זיי פּשוטן ברויט, האָבן זיי געענטפערט: „פעלט דען אין דיין אייגענעם לאַנד פּשוט ברויט, וואָס דו ב סט געקומען נאָך אים אַזש אַהערצו?" ביים אַוועקגיין פון דעם דאָזיקן לאַנד האָט אַלכּסנדר אויפגעשריבן אויף די טויערן פון שטאָט: „איך, אלכסנדר מוקדון, בין דאָס גאַנצע לעבן געווען פאַרנאַרישט, ביז איך בין געקומען אין דעם אַפריקאַנישן לאַנד פון די ווייבער און זיך גע־לערנט פון זיי חכמה" („תלמוד", צ"א).

אין תלמוד, אַזוי ווי אין תנך, איז די העכסטע מעלה פאַר אַ מענטשן — די גייסטיקע און מאָראַלישע פולקומהייט, וועלכע דריקט זיך אויס אין מקיים זיין די מצוות און אין לערנען תורה. לויטן תלמוד איז נאָך גאָט די העכסטע קדושה — די תורה. זי, די „טאָכטער פון גאָט", איז באַשאַפן געוואָרן פאַר בריאת העולם און וועט בלייבן באַשטיין אויך נאָכן אונטערגאַנג פון דער וועלט. גאָט אַליין אפילו לערנט תורה. ס'איז דעריבער נאַטירלעך, וואָס די קדושה און די גדולה פון דער תורה גייט אַריבער אויף די, וואָס לערנען און פאָרשן זי. די גרויסע חכמים, וואָס האָבן טיף אַריינגעדרונגען אין דער תורה, האָבן דערגרייכט די מדרגה פון מלאכים, זיינען געוואָרן אומשטערבלעך, האָבן באַקומען דעם כּוח צו שאַפן און חרוב מאַכן וועלטן, מחיה מתים זיין וכדומה. אָבער די דאָזיקע רוחניותדיקע מאַכט איז דער היפּוך פון דער פיזישער קראַפט, דער מגושמדיקער און מאַטעריעלער, איז גאָר קיין דמיון ניט צו איר. „פאַרוואָס איז די תורה געגעבן געוואָרן צו די יידן?" פרעגט די גמרא אַ קשיא און ענטפערט: „דערפאַר, ווייל זיי זיינען בטבע האַרטנעקיק און שטאַרק, און גאָט האָט געזאָגט: „דעם דאָזיקן פאָלק מוז מען געבן אַ פייער־

---

*) אַזאַ מין פאַרקערפּערונג פון גיבורישער קראַפט אין קול, וואָס איז אויך באַקאַנט דעם פאָלקלאָר פון אַנדערע פעלקער (למשל, דער פייף פון סאָלאָוויי־גזלן אין די רוסישע מעשיות) באַגעגנט זיך באַזונדערס אָפט אין דער ייד'שער פאָלקסשאַפונג.

**) אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז די איינציקע תלמודישע לעגענדע, וואו עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ געוויסע אידעאַליזאַציע פון קריגערישן העראָאיזם און גבורה, די מעשה מיט די מורדים פון בר־כוכבא: „געווען איינער אַ בן־כוזיבא (בר־כוכבא), האָט ער געהאַט 200 טויזנט קריגסלייט, וואָס ביי יעדערן איז געווען איין פינ־גער אָפּגעהאַקט. האָבן די חכמים געשיקט צו אים זאָגן: „ווי לאַנג נאָך וועסטו מאַכן די קינדער פון ישראל פאַר קאַליקעס?" האָט ער זיי געענטפערט: „ווי אַזוי זשע אַנדערש קען איך אויספּרובן זייער כּוח?" האָבן זיי אים געזאָגט: „ווער עס איז ניט אימשטאַנד, יאָגנדיק זיך אויפן פערד, אויסצורייסן מיטן וואָרצל אַ צעדערבוים פון לבנון, יענער זאָל ניט זיין אין דיין מחנה" (בבא מציעא, פ"ר).

דיקן געזעץ. וואָרים ווען מ׳זאָל אים ניט געבן די תּורה, וועט קיין אומה ולשון ניט קענעןביישטיין קעגן אים. די תּורה אָבער וועט אָפּשוואַכן זיינע כּוחות (ביצה, כ״ה). ניט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש איז די לעגענדע וועגן דעם באַוואוסטן תּנא רב שמעון בן לקיש, וואָס האָט פריער געהייסן ריש־לקיש. יונגערהייט איז ער געווען אַ גזלן און אַ גרויסער גיבור. איינמאָל, צוקומענדיק צו אַ ברייטן שטראָם, האָט ער דערזען אַ בילדשיינעם מענטשן, וואָס האָט זיך גע־באָדן ביי דעם אַנדערן ברעג. דאָס איז געווען רב יוחנן. ריש־לקיש איז מיט איין שפּרונג אַריבערגעשפּרונגען דעם טייך און זאָגט צו רבי יוחנן: „ווי שיין וואָלסטו געווען, ווען דו זאָלסט געווען זיין אַ פרויענצימער!״ רב יוחנן האָט אים געענטפערט: „איך האָב אַ שוועסטער, נאָך אַ שענערע פון מיר, און אויב דו וועסט טאָן תּשובה און וועסט זיך זעצן לערנען תּורה, וועל איך דיר זי געבן פאַר אַ ווייב״. ריש־לקיש האָט איינגעשטימט דערויף. ער האָט געוואָלט צוריק איבערשפּרינגען דעם טייך, אָבער שוין די דעה אַליין צו זעצן זיך לערנען תּורה האָט אַזוי אָפּגעשוואַכט זיינע כּוחות, אַז ער איז ניט געווען ביכולת צו טאָן אַזאַ ריזעדיקן שפּרונג ווי פריער.

---

III.

די ווערק פון דער היינטיקער יידישער פאָלקשאַפונג—די מעשיות, לעגענדעס, לידער, משלים, גלויבונגען, ווערטלעך, שפּריכווערטער א. אַז. וו., וואָס דאָס פאָלק אַליין האָט געשאַפן אָדער וועלכע האָבן פון לאַנג אָן באַקומען אַ ברייטע פּאָפּולאַריטעט ביי אים—זיינען לויט זייערע אויסערלעכע פאָרמען דאָס רוב אידענטיש מיט דעם פאָלקלאָר פון אַנדערע פעלקער. אָבער מצד דעם אינעווייניקסטן אינהאַלט איז דער יידישער פאָלקלאָר, סיי דער פאָלקלאָר פון די מעשיות, דאָס רוב אַ דידאַקטישער, סיי דער פאָלקלאָר פון די לידער, דערעיקרשט אַ לירישער, און אפילו דער פאָלקלאָר פון דער טאָגטעגלעכער מאָראַל, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין די שפּריכווערטער, ווערטלעך, וויצן און משלים,—אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט די אייגענע מאָטיוון, טענדענצן און שטימונגען, וואָס די ביבלישע און תּלמודישע שאַפונג. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס צווישן די דאָזיקע ביידע שאַפונגען ליגן תּקופות פון אָנדערהאַלבן, צוויי און מער יאָרטויזנטער, האָט דער היינטיקער פאָלקלאָר אויפגעהיט אַ לעבעדיקע ענגע פאַרבינדונג מיט דער ביבליש־תּלמודישער טענדענץ און לעגענדע, גלייך ווי ער וואָלט געשאַפן געוואָרן אויסשליסלעך אונטער דער ווירקונג פון דער דאָזיקער אַלטער ליטעראַטור.

קודם־כּל דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז אָפטער ווי אַלץ טרעפן מיר אין דעם היינטיקן יידישן פאָלקלאָר מעשיות און לידער אויף די טעמעס פון ביבלישע דערציילונגען, און אַז די אַקטיווסטע ראָלע אין דעם דאָזיקן פאָלקלאָר שפּילן די ביבלישע און צום טייל אויך די תּלמודי־שע פּערסאָנאַזשן. די געוויינלעכע סיוזשעטן פון די יידישע מעשיות איז מיט אַ רב און אַ רביצין, וואָס אויף דער עלטער ווערט ביי זיי געבוירן אַ זון; מיט אַ פאַרטריבענעם ברודער, וואָס ווערט שפּעטער אַ מקורב למלכות און באַגעגנט זיך דערנאָך ווידער מיטן פאָטער און די ברידער זיינע; מיט אַ יונגנמאַן, וואָס אַנטלויפט פאַר דעם נסיון פון זיין הארינטע; מיט אַ מענטשן, וואָס פאַלט אַריין אין דעם בויך פון אַ פיש א. אַז. וו. די געוויינלעכע פערזאָנען אין די מעשיות און לידער זיינען די אבות, די נביאים און אייניקע פון די באַזונדערע פּאָפּולערע חכמי־התלמוד. דער באַליבטסטער העלד פון דער פאָלקס־מעשה, ווי אויך פון דער אגדתא, איז אליהו הנביא. איגנאָרירנדיק די דערציילונג פון תּנך וועגן אליהו הנביאס אַרויפגיין אויפן הימל, שילדערט אים דער יידישער פאָלקלאָר קיינמאָל ניט ווי אַ העלד, וואָס פאָרט אַרום אין הימל

אין אַ פייערדיקן רייטוואָגן, ווי דאָס איז דער פאַל אין דעם קריסטלעכן פאָלקלאָר. אין דער יידישער לעגענדע טרעט ער אויף געוויינטלעך אָן אַ באַזונדערן גלאַנץ, אָננעמענדיק פאַרשייַדענע געשטאַלטן, דאָ אַלס סוחר אָדער קריגסמאַן, פויער אָדער פורמאַן, גייער אָדער בעטלער; אַמאָל פאַרשטעלט ער זיך אפילו פאַר אַ גנב אָדער זונה. זיין עובדה איז נאָר צו ברענגען ישועות. ער זאָגט אָן די יידן וועגן אַ סכנה, וואָס שטייט זיי פאָר, איז מציל דעם פרומען פון אַ צרה, ברענגט דעם נייטבאַדערפטיקן געלט, לערנט אויס, ווי אַזוי אַרויסצודרייען זיך פון דעם מלאך-המות. אין אַן אַלטער-מעשה, וואָס איז אַריין אין דעם ציקל פון די שבתדיקע זמירות, ווייזט זיך אליהו הנביא צו אַן אָרימאַן אין מאַרק און לייגט פאָר, אַז ער זאָל אים פאַרקויפן פאַר אַ קנעכט און נעמען זיך דאָס געלט; אין אַן אַנדער מעשה ווערט דערציילט, ווי אַזוי איינער אַ פרומער בחור טרעפט אליהו הנביאן אין פעלד אַקערנדיק די ערד און „אויפן אַקעראייזן האַלט ער אַ הייליקן ספר". פרעגט אים דער בחור: „פאַר וועמען אַקערט איר עס?" ענטפערט אים אליהו: „איך אַקער, זיי און זאַמל איין פון פעלד פאַר די אָרימעלייט, וואָס לערנען תורה". אַמאָל לערנט אליהו אַליין סתרי-תורה מיט די צדיקים. אָפט פיגורירט ער אַלס וועגווייזער פון אַ צדיק אין גן-עדן און גיהנום. נאָך אָפטער פאַרשטעלט ער זיך פאַר אַ בעל-עגלה און מיט דער הילף פון „קפיצת הדרך" ברענגט ער דעם צדיק גיך צו פירן, וואוהין יענער דאַרף. אויפן באָדן פון דעם דאָזיקן לעצטן מאָטיוו האָט זיך געשאַפן דאָס ווערטל: „ס'איז גוט צו פאָרן, אַז אליהו-הנביא זיצט אויף דער קעלניע".

זעלטענער און ביי אַ סך פריילעכערע אומשטענדן טרעטן אויף אין די מעשיות די אבות און די אַנדערע ביבלישע פערסאָנאַזשן. זיי טוען זיך כמעט קיינמאָל ניט פאַרשטעלן, ווען זיי קומען אויף דער זינדיקער וועלט אַריינצומישן זיך אין דעם שטראָם פון לעבן. טיילמאָל, אין באַזונדערס קריטישע מאָמענטן, נעמען זיי זיך אָן ביי גאָט פאַר די יידן. אָפטער ווי אַלץ קומען זיי צו הילף די מענטשן ביי אַ טריקעניש, אַרויסרופנדיק רעגן (אָבער נאָר דאַן, ווען מ'קומט תפילה טאָן אויף זייערע קברים). אַמאָל קומען זיי צו חלום צו אַ צדיק, צו אַנטפּלעקן אים די רזי-דרזין פון דער תורה. דאָס רוב אָבער באַשטייט זייער ראָלע נאָר אין דעם, וואָס זיי ווערן נתגלה פאַר אַ צדיק און פאַרברענגען מיט אים דעם שבת-קודש. דער דאָזיקער מאָטיוו חזרט זיך איבער אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס אין צענדליקער מעשיות. געוויינטלעך טוען זיך די אבות ווייזן דעם צדיק אַזוי: אַ פרומער מאַן פאָרט ערגעץ-וואוהין דורך אַ געדיכטן וואַלד, איילט זיך אָנצוקומען אויף שבת אַהיים. פלוצלונג שלאָגט ער זיך אַראָפּ פון וועג און בלאָנ-זשעט ביז אין אָוונט אַריין. אָבער ווי נאָר עס פאַלט צו שבת, ווייזט זיך פלוצלונג אין וואַלד אַ גרויסאַרטיקער פּאַלאַץ. דער פרומער מאַן גייט אַריין אין דעם ערשטן חדר, אין דעם צווייטן, אין דעם דריטן און זעט קיין מוטער-מענטש ניט. די חדרים זיינען איינס פון דעם אַנדערן שענער, אומעטום גאָלד, זילבער און אבנים-טובות. ענדלעך, אין דעם זיבעטן חדר דערזעט ער אויף אַ גאָלדענעם שטול זיצט אַ זקן מיט אַ לאַנגער גרייזגרויער באָרד. פאַר דעם זקן ליגט, פאַרשטייט זיך, אַ הייליקער ספר. דאָ געפינט זיך אויך נאָך אַ זקן אַלס באַדינער (דאָס רוב איז עס אליהו-הנביא, אַמאָל אויך—אליעזר, דער קנעכט פון אַברהם-אבינו). דעם אורח איז מען מקבל בספר פנים יפות, מ'צוואָגט אים די האָר און די באָרד אויס מיט אַ וואוילשמעקע-קעדיקן קאָם, מ'פירט אים טובל זיין אין אַ וואוילשמעקעדיקן ביטל. צום טיש טוט מען דער-לאַנגען כלערליי מאכלים און משקאות, וואָס האָבן אַלע בּטעמען (טיילמאָל ביז 1000 געריכטן, אָבער זיי זיינען אַלע ניט קיין גשמיותדיקע, נייערט רוחניותדיקע). שלאָפן לייגט מען דעם אורח אויף אַ בעט מיט גילדערנע רעדלעך, די קישנס געהאָפטן מיט פערל, די קאָלדרע פון רייגעם-גינגאָלד. צו שחרית ווייזן זיך נאָך זיבן זקנים, און מ'רופט זיי אויף צו דער תורה נאָך די נעמען: „רב אהרן הכהן", „רב משה הלוי", דערנאָך רב אברהם, יצחק, יעקב, דוד, שלמה.

צו מוצאי־שבת ווערט דער פּלאַץ מיט זיינע באַוואוינער פאַרשוואונדן. עס בלייבט נאָר איבער אליהו הנביא, וועלכער פירט אַרויס דעם צדיק פון וואַלד און איז אים מגלה, אַז ער האָט זוכה געווען צו האַלטן שבת צוזאַמען מיט די אבות.

אַמאָל טרעטן אין די דאָזיקע מעשיות אויף אויך די אמהות, שרה, רבקה, רחל און לאה. אַמאָל באַגעגנט דער צדיק אין וואַלד ניט די אבות, נאָר דוד המ"לך מיט זיין האַרפע, און האָט די זכיה צו זיין דערביי, ווי יענער שפּילט, זינגט און טאַנצט; אַמאָל באַגעגנט ער ירמיהו הנביא, וועלכער פאַרפאַסט קלאָגלידער אויפן חורבן בית־המקדש. אַמאָל ווייזט זיך איינער פון די ביבלישע אָדער תלמודישע פּערסאָנאַזשן—ראובן, משה, אהרן, רב שמעון בן יוחאי—צו אַ פרומען עם־הארץ און לערנט אים אויס אין איין נאַכט די גאַנצע תורה, אַלע שבעים לשונות א. אַ. וו. פאַראַן אַ לעגענדע, ווי אַזוי משה־רבינו קומט צו רב משה בן מימון און דאַנקט אים פאַר די ספרים, וואָס ער האָט מחבר געווען.

אין אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט טרעט אויף אליהו־הנביא און די אבות אין די פאָלקס־לידער. דאָ איז זייער ראָלע אַ ריין־נאַציאָנאַלע. זיי נעמען אַ אָנטייל אין מתן־תורה אָדער טרעטן אַרויס אַלס פירשפּרעכער פאַר די יידן, בעטן גאָט אומצוקערן די יידן אין זייער לאַנד.

אין דעם פאָלקס־ליד ווערט אליהו־הנביא געוויינטלעך אידענטיפיצירט מיט משיח בן דוד און טרעטן טרעט ער אויף ניט פאַרשטעלטערהייט אַלס בעל־עגלה אָדער אַלס גייער, נאָר אין דער געשטאַלט פון גאָטס אַ בעל־יועץ און אַלס אָנזאָגער פון דער יידישער גאולה.

„איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה, די מעשה איז זייער פריילעך—זינגט זיך אין אַ פאָלקסליד—די מעשה הייבט זיך אָן מיט אַ יידישן מלך. דער יידישער מ"לך האָט געהאַט אַ בת־יחידה, דאָס מיינט מען אונזער תורה. כל אלפים שנה—אַלע טויזנט יאָר איז דער מלך גע־פאָרן מיט איר אַ שידוך טאָן. איז ער געקומען צו דער אומה גויים, האָבן זיי אים געענטפערט ווי די רשעים. איז ער געקומען צו דער אומה פריצים, האָבן זיי אים געענטפערט פאַלשע תירוצים. אויף די פאַלשע תירוצים האָט דער בורא אָנגעהויבן צו זידן; איז געקומען אליהו־הנביא, האָט די תורה נאָראַיעט די יידן. די תורה איז די יידן זייער געפעלן—אין דריי טעג אַרום די חופה צו שטעלן"*).

אין אַן אַנדער ליד טרעט אליהו־הנביא אויף אַלס אָנזאָגער פון דער אויסלייזונג אויס דעם גלות:

„אליהו־הנביא שטייט אויף אַ גרויסן לייטער און וועט טאָן אַ גרויסן טרומייטער: „אַהיים אין אייער לאַנד—וועט ער זאָגן—הערט אויף יאָמערן און קלאָגן!" (נומ' 32).

נאָך אין אַ ליד זינגט זיך:

„אליהו־הנביא (אָדער משיח בן דוד) זיצט אויבנאָן, אין גאָלד און זילבער אָנגעטאָן. ער האַלט דעם בעכער אין דער רעכטער האַנט, מאַכט ער אַ ברכה איבערן גאַנצן לאַנד". (נומ' 12).

אויב אליהו־הנביא ערשיינט אין דער ראָלע פון אַ בעל־יועץ און מבשר, טרעטן די אבות אַרויס אין בכבודיקערע ראָלן.

גאָט האָט מסכים געווען צו געבן די יידן די תורה. אָבער דורך וועמען זאָל ער זי זיי געבן? און דאָס פאָלקסליד שילדערט עס אין דער פאָרם פון אַ מאָנאָלאָג ווידעראַמאָל טאַקע צווישן פאָטער און טאָכטער וועגן אַ חתן.

„טאָכטער דו מיין, ליבסטע דו פיין, אדם־הראשון גייט אין דער וועלט אַריין. ער גייט, ער גייט, ער גייט,—פאַר אַ ליבן חתן־מאַן גיי זשע נעם אים אָן".—„ניין, פאָטער, ניין,

---

*) יודישע פאָלקסלידער, פון גינזבורג און מאַרעק, נומ' 2.

עס קען דאָך גאָרניט זיין, אַז אדם=הראשון זאָל מיין מאַן זיין״.—„טו זאָג זשע מיר פאַרוואָס?״—„דער חטא פון עץ=הדעת וועט דאָך ביי אים זיין! דערום וויל איך זיצן ביי דיר אויפן שויס, ווי אַ טאָכטער ביי איר פאָטער, ביז איכ׳ל ווערן גרויס!״

ווייטער זאָגט זיך די טאָכטער=תורה אָפּ פון נח הצדיק, ווייל „דער חטא פון דעם וויין וועט דאָך ביי אים זיין״ (לויט אַן אַנדער נוסח—דערפאַר, וואָס ער וועט האָבן א זון חם); פון אברהם אבינו דערפאַר, וואָס „אַ פילגש פאַר אַ ווייב וועט נאָך ביי אים זיין״ (אָדער דערפאַר, וואָס ער וועט האָבן אַ זון ישמעאל); פון יצחק הצדיק—דערפאַר, „וואָס דער חטא פון עשו וועט דאָך ביי אים זיין״; פון יעקב אבינו—דערפאַר, וואָס „דער חטא פון צוויי שוועסטער וועט דאָך ביי אים זיין״ (אָדער דערפאַר, וואָס ער וועט זיין אַ בעל=מטופל מיט אַ גרויס געזינד); פון אהרן הכהן—פאַר דעם חטא פון דעם עגל; פון דוד המלך—פאַר דעם חטא פון בת=שבע; פון שלמה המלך—פאַר דעם חטא פון טויזנט ווייבער. ווען גאָט לייגט איר פאָר משה=רבינו, ענטפערט זי: „יע, פאָטער, יע, דאָס קען גריילעך זיין, אַז משה=רבינו זאָל מיין מאַן זיין! ער וועט זיצן פערציק טעג אויפן הימל, וועט ער מיך קענען מפרנס זיין״ (נומ׳ 5).

אין אַנדערע פאָלקסלידער פון דעם דאָזיקן ציקל, וועלכע זיינען כמעט אַלע פאַרפאַסט אין רוסיש=פוילישן דיאַלעקט, ווערט אַרויפגעשיקט אַ פייערדיקע תפילה צו די אבות, זיי זאָלן פועלן ביים רבונו=של=עולם, ער זאָל אומקערן די יידן אין זייער לאַנד צוריק:

„אברהמניו, אברהמניו, סטאַרושעק טי נאַש, יצחקניו, יצחקניו, דיעדושעק טי נאַש, יעקבניו, יעקבניו, יעקבניו, אָיטעץ טי נאַש,—טשעוואָזש ווי ניע פראָסיטיע, טשעוואָזש ווי ניע פראָסיטיע פאַנאַ באָגאַ זאַ נאַס? זשעב נאַשו כאַטקו וויסטאָאילי, נאַשו—ב זעמליו וויקופילי, נאַס בי וו׳ זעמליו אָטוואָדילי, וו׳ נאַשו זעמליו נאַס, וו׳ נאַשו זעמליו נאַס״.

דאַן גייט די אייגענע ווענדונג צו „משהניו, משהניו, פאַסטושעק טי נאַש״, „אהרניו, אהרניו, פאַסטיר טי נאַש, שמואלניו, שמואלניו, פראָווידיעץ טי נאַש״, דודוניו, דודוניו, קרוליק טי נאַש״ א. אַז. וו. און דאָס ליד פאַרענדיקט זיך מיט גאָטס ענטפער:

„סינאָק, סינאָק, כאַטקאַ בענדאַ וויסטראָיענאָ, זעמליאַ בענדאַ וויקופיאָנאַ, טי=זש וו׳ זעמליו אָטוועזיענו, באָנדז מאָנדר, טשעקאַי קאָנצו—ונשירה שירה חדשה הללויה!״ (נומ׳ 15).

אין אַן אַנדער ליד ווערן באַזונגען די גבורות און מעשים פון די אבות להיפוך דעם מגושמדיקן עשו (זע גינזבורג און מאַרעק, נומ׳ 352: „סטאַרי אַבראַם, סיווי אַבראַם א. אַז. וו.).

מיר איז אויסגעקומען צו פאַרשרייבן (אין וויטעבסקער גוב.) אַזאַ ליד וועגן דעם געבורט פון שמואל הנביא:

אזווסטאַוואַלאַ חנה ראַנאָ, עי אי ראַנענקאָ, איזבודילאַ סוואָאי סלוגי, עי אי דאָבראָנענקי: „אזווסטאַוואַיטיע, מאָאי סלוגי, דאָבראָנענקי; זאַזשיגאַיטיע סוועטשעטשאָנקי, עי יערוסאַלימקי. אַ יאַ טים טשאַסאָם, חנה, פאָכאָזשו, דאַ אי סינאַ תלמיד=חכם אַ אָי אוראָזשו״. אי אוראָדילסיאַ שמואל=הנביא דאָברים טשאַסאָם, ספּאָאיוואַלאַ יעוואָ חנה שאָלקים פאַסאָם. שרה, רבקה, רחל, לאה באַבקאַמי בוואַלי, אברהם, יצחק, יעקב=אבינו סנדקא בוואַלי; משה, אהרן, דוד אי שלמה קוואַטערי בוואַלי. הקדוש=ברוך הוא אי מלאכים שמואל=הנביא נאַזוואַלי״.

ווען מיר וועלן אַריבער צו דעם אַנדער געביט פון דער פאָלקסשאַפונג, צו די שפּריכווערטער, ווערטלעך, פאַרגלייכעניש א. אַז. וו., וועלן מיר אויך דאָרט געפינען די אייגענע שפע פון ביבלישע בילדער, סענטענציעס אין אויסדרוקן. מ׳מעג דרייסט זאָגן, אַז די יידישע פאָלקסשפּראַך איז אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיטן ביבלישן און צום טייל מיטן תלמודישן גייסט. די ביבלישע בילדער און טערמינען, ווי באַגריפן, וואָס דינען פון קדמונים אָן אָנגענומען ביים יידישן פאָלק, דינען אין דער שפּראַך אַלס קלאַסישע טערמינען צו באַשטימען דורך זיי ווײַ=

ניקע קלאָרע ערשיינונגען. עס איז ממש ניטאָ אַזאַ באַגריף, סיי אויף דעם געביט פון דער מאָראַל, סיי אויף די געביטן פון אַנדערע פאָרשטעלונגען, וואָס זאָל ניט האָבן זיין ביבליש בילד צום פאַרגלייך. גייסטיקע אייגנשאַפטן, מעלות און חסרונות ווערן באַשטימט דורך ביבלישע פּערזאָנען: שיין ווי יוסף הצדיק; אַ עניו ווי משה־רבינו; קלוג ווי שלמה המלך, און אין אירא־נישן זין זאָגט מען—אַ חכם פון דער הגדה; ווי די מראה פון כהן־גדול; שיין ווי אסתר המלכה; שיין, אַ ברכה צו מאַכן. און פון דער אַנדער זייט ווערן אויך באַשטימט חסרונות: נאַריש ווי למך, שכור ווי לוט, פאַלש ווי לבן הארמי, גראָב ווי עשו, שלעכט ווי המן הרשע, אַ טיפש ווי קיניג אַחשורוש, אַ רשע ווי טיטוס, זינדיק ווי ירבעם בן נבט, רייך ווי קורח, אָרים ווי דלפון א. אַז. וו. דאָס אייגענע איז אויך בנוגע פאַרשיידענע אַנדערע באַגריפן. מ'באַשטימט: גרויס ווי גוג־ומגוג, הויך ווי רוים (אָדער ווי המנס תליה), גרויס ווי עוג מלך הבשן, לאַנג (אויך פינסטער) ווי דער יידישער גלות, אַלט ווי תרח (אָדער מתושלח), קליין ווי אַ יוד אין ויזתא, שווער ווי קריעת ים־סוף א. אַז. וו.

פון די 4000 שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט אין בערנשטיינס זאַמלונג, זיינען איבער 300 גענומען דירעקט פון תנ"ך און תלמוד אָדער געבויט אויף ביבליש־תלמודישע סענטענציעס. און נאָך אַ גרעסערע צאָל פון זיי האָט אין זיך דעם אָדער יענעם אויסדרוק פון תנ"ך אָדער תלמוד. די דאָזיקע ווערטלעך זיינען געבויט אויף דעם שפּיל אָדער בכיוונדיקער פאַרדרייאונג פון העברעאישע ווערטער און אויסדרוקן. מיר ברענגען נאָר אַ פּאָר פון זיי: אָפּגערעדט ברחל בתך הקטנה—צום סוף גאָר לאה די גרויסע; טראָגט זיך אַרום, ווי גאָט מיט דער תורה*); האַלט זיך ווי אַ ייד אָן דער תורה; געקומען נאָך מתן־תורה (צו שפּעט); אַ גלייכער וועג דורך מאַרישקינער גאָרטן קיין ירושלים; אַז מ'וויל ניט געבן יעקבן, גיט מען עשון**); ס'וועט ניט העלפן, עס מעג קומען מר בר רב אשי אַליין א. אַז. וו.

---

.IV

די הייטיקע יידישע פאָלקסשאַפונג האָט ניט נאָר איינגעזאַפּט די ביבלישע פאָרמען, ביל־דער און טערמינען, נאָר זי איז אויך איינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט דער אייגענער ריכטונג און גרונד־טענדענץ, וואָס די אַלטע נאַציאָנאַלע שאַפונג, דהיינו—אַז רוחניותדיקע פאָלקסמהייט, אַ פרום לעבן און דער עיקר גייסטיקע אַנטוויקלונג, פאַרקערפּערט אין דעם לערנען תורה—איז דאָס אייציקע ציל פון לעבן און דאָס העכסטע גליק פון דעם מענטשן אויף דער ערד; אַז די דאָזיקע פאָלקסמהייט גיט דעם מענטשן אַ אוניווערסאַלן כוח, דערהויבט אים ביז צו דער מדרגה פון געטלעכקייט און מאַכט אונטערטעניק צו זיינע פיס די מעכטיקסטע מאַטעריעלע, פיזישע קראַפט, וועלכע ערשיינט אַלס סינאָנים פון מגושמדיקייט און טעמפּקייט. אין די אָריגינעלע מעשיות און לידער, ווי אין די ווערק פון דער נאַציאָנאַלער שאַפונג, פעלט איינגאַנצן דער העראָאישער עלעמענט, פעלן די מאָטיוון פון קאַמף אויפן באָדן פון מאַטעריעלער, פיזישער קראַפט. אַפילו אין די באַשיינפערלעך אַנטליענע מעשיות און לעגענדעס (ווי, למשל, „צעג־טורע־ווענטורע", „מעשה מג' אחים", „בבא־מעשה", אַ מעשה מיט אַ בת־מלכה, מיט זיבן גזלנים א. אנד.) איז דער דאָזיקער עלעמענט שטאַרק געמילדערט און פאַרווישט.

דאָס רוב יידישע מעשיות, דערהויפּט די קינדער־מעשיות, הייבן זיך אָן מיט די ווערטער

---

*) פאַרגלייך דאָס אויבנדערמאָנטע פאָלקסליד. ווי גאָט האָט געשדכנט די תורה צו די פעלקער.

**) אין דער פאָלקסשפּראַך ווערן די נעמען יעקב, עשו, ישמעאל אָפט באַנוצט אַלס סינאָנימען פון: יידן, רוסן און טערקן. „עשו האָט מלחמה געהאַלטן מיט ישמעאלן" (די רוסיש־טערקישע מלחמה).

„אַמאָל איז געווען אַ רב מיט אַ רביצין" (דערפון נעמט זיך אויך דאָס ווערטל „אַ רב מיט אַ רביצין" איז אַ גאַנצע מעשה, אַ רב אָן אַ רביצין איז אַ האַלבע מעשה, אַ רביצין אָן אַ רב איז גאָר קיין מעשה ניט"); דאָס רוב לעגענדעס, אַפילו אייניקע פון די אַנטליענע, איז צוגע-פּאַסט צו די נעמען פון געוויסע צדיקים-בעל-מופתים. דער הויפּטמאָטיוו פון כמעט אַלע לעגענ-דעס און פון דעם גרעסטן טייל מעשיות איז די שטרעבונג פון דעם מענטשן צו דער תורה, דער קאַמף מיט די מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר דער מעגלעכקייט אינגאַנצן אָפּצוגעבן זיך דעם לערנען און די שילדערונג פון דער גרויסער רוחניותדיקער מעכטיקייט פון די, וואָס זיי איז געלונגען אַריינצודרינגען אין די טיפע סודות פון דער תורה.

„די תורה האָט ניט קיין גרונד", „די תורה איז ברייט ווי דער ים", „די תורה איז די בעסטע סחורה", „וואו תורה, דאָרט איז חכמה" א. אַז. וו. זאָגן די יידישע שפּריכווערטער. די אייגענע טענדענץ ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדים אויך דורך די מעשיות און לעגענדעס.

דער ענגער בונד מיט דער תורה הייבט זיך ביי דעם יידן אָן נאָך פאַרן געבוירן ווערן. לויט דער יידישער פאָלקס-גלויבונג זיינען אַלע יידישע נשמות געווען אויפן באַרג סיני ביי מתן תורה (דערפון שטאַמט דאָס ווערטל: „מיין נשמה איז אויך געווען אויפן באַרג סיני"). בשעת דאָס קינד געפינט זיך אין דער מוטערס טראַכט, קומט צו אים צו פליען אַ מלאך און לערנט אים אויס די גאַנצע תורה, נאָר סאַמע פאַרן געבוירן ווערן דערלאַנגט ער אים אַ שנעל אין נאָז, און דאָס קינד פאַרגעסט אַלץ מיט אַנאַנדער. (דערפון נעמט זיך דאָס ווערטל וועגן זייער אַ געראָטן קינד: „דער מלאך האָט פאַרגעסן אים אַ שנעל צו טאָן אין נאָז"). פאַראַן אָבער אַזעלכע אויסטערלישע יידישע נשמות, וואָס אָדער ניט אַלץ פאַרגעסן זיי אָדער זיי דערמאָנען זיך גיך דאָס-פאַרגעסענע. דער קומענדיקער צדיק ווערט געוויינטלעך געבוירן מיט ניסים. ער איז כמעט אַלעמאָל אַ זון פון אַלטע עלטערן, וואָס ניט האָבנדיק קיין קינדער, האָבן זיי אַ לאַנגע צייט געבעטן ביי גאָט אַ דור. דאַן באַקומען זיי אין חלום אָדער אויף דער וואָר דורך אליהו-הנביא אָדער דורך אַ צדיק אַ בשורה, אַז ביי זיי וועט געבוירן ווערן אַ זון, וואָס וועט זיין אַ „מאור התורה"; דער קומענדיקער צדיק, דער העלד פון דער מעשה אָדער לעגענדע, הייבט אָן, טיילמאָל באַלד נאָכן געבוירן ווערן, צו זאָגן נביאות און צו מגלה זיין די רזי דרזין (צוליב דעם נעמט מען אים אַמאָל אַפילו צו צוריק!). דאָס רוב אָבער גייט די אַנטוויקלונג פון דעם צדיק צו בהדרגה. ער וואַקסט, אַזוי ווי דער העלד פון דער קריסטלעכער מעשה, ניט פון טאָג, נאָר פון שעה, אָבער ניט אין פיזישער הינזיכט, נאָר אין רוחניות. צו 3 יאָר איז ער שוין קלאָר גאַנץ תנ"ך, צו 7 יאָר — די גאַנצע תורה, און צו 10 יאָר זאָגט ער שוין אַ דרשה און איז מגלה די סודות התורה, און דערנאָך לערנט ער שוין דאָס גאַנצע לעבן (אייגער אַליין אָדער אונטער דער השגחה פון אַ מלאך, פון אליהו-הנביא, פון זיין פאָטער דעם תלמיד-חכם א. אַז. וו.) די סתרי-תורה*). אָט דער דאָזיקער למוד-התורה גיט עס דעם צדיק די איבערנאַטירלעכע קראַפט: ער איז אַ רואה את הנולד, ער ווייס וואָס עס טוט זיך אויפן הימל און דער ערד, ער קען מיט דער הילף פון „שם המפורש" אָדער דורך תפילה ווייזן מופתים, אַפילו מחיה זיין מתים און חרוב מאַכן די וועלט. ביים לערנען תורה ווערט דער צדיק אַרומגערינגלט מיט אַ שיין,

---

*) מ'דאַרף באַמערקן, אַז די בקיאות פון דעם צדיק איז ניט נאָר אין תורה אַליין. אחוץ דער גאַנצער תורה (נגלה און נסתר) קען ער אַלע שבע חכמות, אַלע שבעים לשונות, דעם לשון פון די חיות און עופות, ווייס דעם סוד פון צו ווערן אַ רואה ואינה נראה, קען הכמת הפרצוף און חכמת הרפואה. פאַראַן אַ גאַנצער ציקל לעגענדעס וועגן צדיקים, וויסע מומחים אין חכמת הרפואה. דער גרעסטער טייל פון די דאָזיקע לעגענדעס ווערט פאַרבונדן מיטן נאָמען פון „דעם גרעסטן רופא וואָס די וועלט האָט געזען", דעם רמב"ם, וואָס „האָט געלערנט ביי אַריסטו", האָט געקענט מאַכן אַ האָמונקולוס וכדומה.

מיט אַ העלן ליכט, מיט אַ פלאַם פייער, מיט עמודי־אש; אַרום איז צעגאַסן דער ריח פון בשמים א. אַז. וו.

אָבער ווי גרויס און באַגרעניצט עס איז דער רוחניותדיקער כוח פון דעם צדיק, אַזוי אוממעכטיקט איז ער פיזיש. די פיזישע שלאַפקייט ווערט אַרויסגעשטעלט ווי אַ נויטווענדיקע אייגנשאַפט פון דעם צדיק, וואָס האָט ניט די תענוגים פון עולם־הזה, פאַסט נאָכאַנאַנד תעניתים א. אַז. וו. די לעגענדע קען ניט קיין העכערן שבח פאַר אַ צדיק, ווי דעם אויסדרוק: „דאָס איז געווען אַ נשמה אָן אַ גוף".

אין די אָריגינעלע מעשיות און לעגענדעס איז לאַ־די, וואָס עס פעלט דער העראָאישער עלעמענט אויפן באָדן פון פיזישער קראַפט, ווערט נאָך אין זיי אונטערגעשטרייכט, אַז פיזישע קראַפט, קריגערישקייט, קאַמפלוסט זיינען גאָר קיין כלי־זיין ניט פאַר יידן. יידן האָבן אַנדערע, מער ווירקעוודיקע כלי־זיין: תפילה, תענית, יללות און טרערן. אין אַ לעגענדע וועגן אַ מצרישן פאַשאַ, וואָס האָט אַרויפגעלייגט אויף די יידן אַ אומדערטרעגלעכע צינז און זיי מתחייב געווען, אונטער דער התראה פון טויט, אײַנצוצאָלן עס אין משך פון צען טעג, ווערט דערציילט, ווי אַזוי די יידן זיינען אַוועקגעלאָפן אין די בתי־מדרשים, אָנגעהויבן וויינען און שרייען צו גאָט און דערביי ווערט צוגעגעבן: „וואָרים נאָר דאָס איז דאָך די יידישע סגולה. ווען דער חלף ליגט זיי אויפן האַלז, לויפן זיי אין שול אַריין, גיסן אויס דאָס האַרץ אין טייכן טרערן, און דער אייבערשטער העלפט זיי".

אין אַ צווייטער לעגענדע, וואו עס ווערט דערציילט, ווי אַזוי דער סולטאַן פון דמשק איז אַרויס מיט אַ אומגעהייער גרויסן חייל אין מלחמה אויף אַ שאַך, וואָס אונטער זיין ממשלה האָבן געלעבט אַ סך יידן, לאָזט דער שאַך רופן דעם רב און זאָגט צו אים: „איך האָב אַזאַ פלאַן: איך וועל זיך גרייטן צו דער מלחמה מיט מיין חייל און מיין כלי־זיין. איך אַליין וועל אָבער ניט קענען ביישטיין קעגן דעם מעכטיקן סולטאַן פון דמשק; דערום זאָלט איר יידן אַרבעטן אויך מיט אַ י י ע ר ג ע װ ע ר: טוט תפילה, שרייט צו גאָט—און ער וועט אונז העלפן". אַפילו אין אַזעלכע מעשיות, ווי די „מעשה מג' אחים", וואו עס פיגורירן ריזן, ציקלאָפן, מענטשנפרעסער, פאַרכישופטע שלעסער, פאַרוואַנדלונגען מיט דער הילף פון אַ „פאַרכישופטער פערדי־שער האָר",—אפילו אין דער דאָזיקער מעשה איז איינער פון די העלדן, וואָס פון אַ יידישן בחור, וועלכער לערנט תורה, פאַרוואַרפט ער זיך מיט דער הילף פון כישוף אין אַ ריטער, אָנגעטאָן אין פאַנצער־קליידער און רייטענדיק אויף אַ פאַרצויבערטן פערד העכער פאַר די ביימער פון וואַלד, איידער ער גייט אַרויס צום געראַנגל קעגן ריז, ווענדט ער זיך צו זיין קיניג בזה הלשון: „מיט דער הילף פון דעם, וואָס דער כוח איז ביי אים און וואָס וואַרפט אַרונטער די גרויסע און דערהייבט די נידעריקע, וועל איך מנצח זיין דעם ריז און זיין חייל. ווייסט איר דען ניט, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ פיצל מוק, וואָס פאַר איר טוט ציטערן דער שטאַרקסטער לייב? דו, קיניג, דאַרפסט וויסן זיין, אַז ניט די גיבורים זיינען מנצח. וואָרים גאָט איז אַ איש־מלחמה, און אַז ער וויל איינעם געבן דעם נצחון, איז פאַר אים קיין נפקא־מינה ניט, צי יענער האָט אַ פולע חייל אָדער אַ ביסל".

אין אַן אַנדער לעגענדע, וואו עס דערציילט זיך אין אַלגעמיינע שטריכן די געשיכטע מיט יהודית און הולופרנוס, ווערט דער אָנפאַל פון דעם יידישן חייל אויפן שונא געשילדערט אַזוי: „ווען אַלע האָבן געזעען, אַז הולופרנוס איז טויט, זיינען די יידישע גיבורים אַרויסגעלאָפן פון דער פעסטונג און... אַ געשריי געטאָן: שמע ישראל!"

די אייגענע מאָטיוון, וואָס מיר האָבן אָנגעמערקט אין דער פאָלקס־מעשה, געפינען מיר אויך אין דעם פאָלקסליד. אויך דאָרט פאַרנעמט דעם אויבנאָן די תורה, וואָס ניט נאָר זי

ווערט באַזונגען אָן און פאַר זיך, ווי די „טאָכטער פון גאָט", נאָר זי ערשײַנט אויך אַלס דאָס העכסטע גליק פאַר דעם מענטשן אין אַלע פּעריאָדן פון זײַן לעבן, פון וויגל ביזן קבר.

די מוטער, פאַרוויגנדיק דאָס קינד, זינגט אים: „דאָס קינד וועט לערנען תורה... אין חדר אַרײַן וועט מען אים פירן, ספרים וועט ער שרײַבן, אַ גוטער און אַ פרומער ייד וועט ער אם־ירצה־השם בלײַבן" (נומ' 61).

אין אַן אַנדער ליד דערוויזט די מוטער דעם עופעלע, אַז עס פּאַסט ניט פאַר אים צו פּישטשען און צו וויינען, וואָרים אַז ער וועט זײַן אַ גרויסינקער, וועט ער דאָך זײַן אַ תּנא, וועט זײַנע עלטערן באַצירן און באַשײַנען און צו דער חתונה וועט ער פּסקענען שאלות.

אַ מיידעלע זאָגט מען צו, אַז איר חתן וועט לערנען תורה: „תּורה וועט ער לערנען, ספרים וועט ער שרײַבן, אַ גוטע און אַ פרומע וועט (שרהלע) בלײַבן" (נומ' 67).

אין אַ יידיש וויגליד איז נאַטירלעך גאָר קיין רייד ניטאָ וועגן „אַ פּאַטער, אַן אַלטן קריגער, וואָס איז פאַרהאַרטעוועט אין שלאַכט", וועגן דער צײַט פון דעם שלאַכטלעבן, בשעת דער קומענדיקער קריגער וועט „דרייסט אַרײַנטאָן דעם פוס אין סטרעמענדל און וועט נעמען אַ ביקס". אין אויב עטוואָס אַזוינס ווערט יאָ דערמאָנט, איז עס נאָר דערצו, צו שרעקן דער־מיט דאָס וויינענדיקע קינד: „די באַבעס מיט די דזיאַדעס טוען אין דרויסן זיצן, מיט די ברייטע שווערדן, מיט די לאַנגע שפּיצן; אַ ייִנגעלע, וואָס האָט זיך וויינענדיק געפּונען, האָט מען אים געכאַפּט און אַרײַנגעוואָרפן אין ברונען" (נומ' 63).

דאָס קינד איז אונטערגעוואַקסן, האָט שוין אָנגעהויבן לערנען, און דאָס ליד ראָט אים: „גיי, מײַן קינד, גיי אין חדר! לערן תּורה, לערן כסדר, פון עברי ביז צו גמרא, דאָס וועט דיך היטן פון בייז און צרה. לויף, מײַן קינד, לויף צום רבין, ער וועט דײַן נשמהלע שפּײַז געבן, לויף מײַן קינד, לויף און לערן און ווי גאָט זאָלסטו אים ערן. גאָטס מצוות זײַנען ווי האָניק זיס, זײַן תּורה שיצט אונז, ווי וואַסער פיש. אין איר רעכטער האַנט—לעבן אויף דער וועלט, אין דער לינקער—כּבוד און געלט" (נומ' 121).

אַ מיידל, טרוימענדיק וועגן אַ חתן, ווייס אויך ניט פאַר אים קיין העכערע מעלה, ווי קענען תּורה.

„אַז מײַן מוטער וואָלט געוווּן אַ גוטע—טרוימט איינע—וואָלט זי מיך פאַרקנסט; זי וואָלט געפּאָרן קיין וואַלקעמיר (און) געבראַכט אַ חתעלע פאַר מיר: מיט די שוואַרצע האָר. מיט די בלויע אויגן, צו דער תּורה זאָל ער טויגן. און ווי די תּורה אויסגעמאַכט, זאָל ער לערנען טאָג און נאַכט; אַ בריוועלע זאָל ער מיר שרײַבן, אַ גוטער יידעלע זאָל ער בלײַבן" (נומ' 235).

אַ צווייטע טרוימט וועגן אַ בחור מיט לאַנגע פּאות, מיט שוואַרצע אויגן, אַ דריטע וועגן אַ גוטן חתעלע מיט געלע האָר, אָבער אַלע גיבן דערבײַ צו: „און צו דער הייליקער תּורה זאָל ער טויגן". דער העכסטער טרוים פאַר אַ מיידל איז—צו ווערן אַ רביצין.

דעם בחור קומט אויס אין דער בעסטער צײַט פון זײַן לעבן אָפּצורײַסן זיך פון דער תּורה און גיין פאַר אַ סאָלדאַט. די פאָלקסמוזע רופט זיך רערויף אָפּ מיט צענדליקער עלעגיש לידער. אויך אין דער רוסישער פאָלקסשאַפונג געפינען מיר אָן אַ שיעור קלאָג־לידער וועגן רעקרוטנשאַפט, אָבער אין דעם ייִדישן פאָלקסליד טראָגט דער פחד פאַר דעם מיליטערדינסט אַ באַזונדער כאַראַקטער. ניט די צרות און דחקות פון דעם סאָלדאַטן־לעבן פייניקן און שרעקן דעם ייִדישן רעקרוט, נאָר דאָס, וואָס אין מיליטער וועט ער ניט קענען לערנען תּורה און מקיים זײַן די מצוות.

„בשעת איך בין געוווּן פינף יאָר אַלט—ווערט געזאָגט אין אַ רעקרוטן־ליד—האָט מען געטאָן מיך אין חדר פירן; און איצטער דאַרף איך אויפן פערד שבאַצירן. בשעת איך בין גע־

ווען צען יאָר אַלט, האָב איך געלערנט חומש מיט רש"י; און איצטער דאַרף איך עסן פון קעסל די קאַשע" (נומ' 45).

אין אַן אַנדער ליד ווערט אַנטקעגנגעשטעלט: "דער ליבער שבת־קודש — איך מעכט וועלן גיין אין שול אינדערפרי, קומט צו גיין דער פעלדפעבעל, דער רבי, און שרייט אויף: נאַ או־טשעניע אידי!" (נומ' 347).

און אין צענדל'יקער לידער חזרט זיך איבער דער אייגענער מאָטיוו: "בעסער צו ליגן אויף הוילע ברעטער, איידער צו רופן דעם יוון "פעטער" בעסער צו טראָגן טלית און קיטל, איידער צו טראָגן די סאָלדאַטסקע היטל; בעסער לערנען צוואַנציק יאָר גמרא, איידער צו האָבן אויף זיך די צרה; בעסער לערנען צוואַנציק יאָר תוספות און מהרש"א, איידער שטיין "נאַ טשאַסאַך" אַ האַלבע שעה" (נומ' 49).

און דאָס ליד רעזיומירט: "בעסער גאָטס תורה צו וויסן, איידער מיטן ביקס צו שיסן" (נומ' 45).

אין דעם יידישן פאָלקסליד איז, פאַרשטייט זיך, ניטאָ קיין שום עפּישע אָדער ליר ישע שילדערונגען פון מלחמות און שלאַכטן*). און אויב ערגעץ אין אַ ליד ווערט יאָ דערמאָנט וועגן מלחמה, איז עס נאָר וועגן די יסורים, וואָס מ'לעבט דאַן איבער.

"ביי פלעוונע און ביי באַלקאַנעס זיינען מיר אויך געווען; פיל שרעק און פיל צרות האָבן מיר צוגעזען. דונאַי זיינען מיר אַריבער — ניט פאַר איצטער געדאַכט; פון אונזערע קער־פּער איז אַ תל געמאַכט" (נומ' 331).

בכלל ווערט אין דעם פאָלקסליד אויסגעדריקט אַ טיפער עקל און אפילו פאַראַכטונג צו מלחמה און געווער.

אַ מיידל־ליד ערקלערט: "וועלכעס מיידל ס'נעמט אַ זעלנער, איז זי ניט ווערט קיין פרוטה; גיין, גיין קיין סעוואַסטאָפּאָל, ווי אַן אָקס צו דער שחיטה. וועלכעס מיידל ס'נעמט אַ זעלנער, איז זי ניט ווערט קיין דרייער; גיין, גיין קיין סעוואַסטאָפּאָל אין דעם ערשטן פייער!" (נומ' 51).

נאָך שאַרפער זאָגט זיך אַרויס אַ רעקרוטן־ליד: "בעסער וואָלט איך געלעגן צען איילן אין ד'ערד, איידער צו טראָגן דעם . . . . . שווערד" (נומ' 45).

בנוגע דער פיזישער קראַפט און קריגערישקייט שטימען פולשטענדיק מיט דער פאָלקס־מעשה און דעם פאָלקסליד אויך די איבעריקע געביטן פון יידישן פאָלקלאָר: די שפּריכווערטער, ווערטלעך, אַנעקדאָטישע משלים א. אַז. וו.

ביי דער יידישער רעליגיעז געשטימטער מאַסע מערקט זיך אַ טיפער עקל צו דער פיזי־שער קראַפט, וואָס רעכנט זיך ממש פאַר "אַ ניט יידישער מדה". להיפוך די יידישע אייגנ־שאַפט — "אַ דאַרינקער, אַן איידעלער, אַ זיידענער, אַ שטילער ווי אַ טויב" א. אַז. וו. — ווערט אַרויסגעשטעלט אַלס סימן פון מגושמדיקייט און טעמפּקייט: "רויט ווי סטיאָפּקע", "געזונט ווי אַ גוי, ווי כאַריטאָן". דאָס פאָלקסווערטל איז שאַרף מבחין צווישן די כאַראַקטעריסטישע אייגנ־שאַפטן פון אַ ייד און אַ גוי: "הקול — קול יעקב, והידים — ידי עשו" (בראשית כ"ז, כ"ב). "היט מיך גאָט פאַר גויישן כוח און יידישן שכל". "אַ ייד שלאָגט זיך מיט דער דעה און שיסט מיטן קוק" א. אַז. וו. אין דעם אַנעקדאָטישן משל, וואָס שאַנעוועט קיינעם און קיין זאַך ניט, זיינען

*) כאַראַקטעריסטיש איז, אַז דאָס איינציקע ליד, וואו עס זיינען פאַראַן עפּעס אָפּגעריסענע ווערטער וועגן קריגערישע צוזאַמענשטויסן, געפינט זיך אין דער אָפּטיילונג פון קינדער־לידער (שפּילן): "איינע ווייסע טייבל פירטע מיך אין ענגלאַנד. ענגלאַנד איז צוגעשלאָסן און די שליסל איז אָפּגעבראָכן. איינס, צוויי, דריי — פּוילן איז פאַר־באַן; רוס איז געלאָפן מיט אלע האַרמאַטן, פּוילן איז געבליבן אָן סאָלדאַטן" (נומ' 90).

דאָ הונדערטער וויצן, וואָס לאַכן אויס די אומקריגערישקייט פון דעם יידן. באַזונדערס זיינען פּאָפּולער די וויצן וועגן אַ „יידישן גזלן", וואָס ווען ער שטעלט אָפּ אין וואַלד אַ רייכן סוחר מיט דעם מוראדיקן געשריי: „איך בין אַ גזלן!" און דער דערשראָקענער סוחר פרעגט אים: „גוואַלד, וואָס זשעווילט איר?" ענטפערט ער מיט תחנונים: „שענקט מיר אַ נדבה!" דער וויץ וועגן אַ יידישן פּאָלק, וואָס בשעת דער שלאַכט רופט דער אָפיציר אויסעט מיטן ניגון: „מכבד פלוני בן פלוני מיטן ערשטן שאָס!" און פלוני בן פלוני ענטפערט: „מוחל, איך טרעט אָפּ!" א. אַז. וו. אַלע אַזעלכע וויצן זיינען אויסן ניט די יידישע פחדנות, נאָר דעם טיפן עקל פון אַ יידן צום פיזישן קאַמף.

אויב מיר וועלן אַריבער צו דער פאָלקסשאַפונג פון דעם לעצטן פעריאָד—דעם פעריאָד פון שטורים און דראַנג, פון קאַמף צווישן טאַטעס און קינדער, פון אָפּקערן זיך פון דער תורה און די רעליגיעזע טראַדיציעס,—וועלן מיר אין די נאָך ניט אויסגעקריסטאַליזירטע פאָלקסלידער און מעשהלעך געפינען, אין תוך גענומען, די אייגענע טענדענץ, וואָס אין די ווערק פון דער פרי-ערדיקער פאָלקסשאַפונג, מיט דער נפקא-מינה בלויז, וואָס אָנשטאָט דער תורה פאַרנעמט דאָ דעם אויבנאָן די וועלטלעכע תורה, די השכלה, וועלכע טראָגט אויך דעם נאָמען „בת השמים" און איז אַרומגערינגלט מיט דעם זעלביקן אָרעאָל כמעט וואָס די תורה; אָנשטאָט דעם רב און צדיק טרעט אַרויס דער סטודענט, דער דאָקטאָר, דער פּראָפעסאָר, דער שריפטשטעלער. און צוגלייך דערמיט—די זעלביקע שנאה, און די זעלביקע פאַראַכטונג צו דער קראַפט און דער שליטה פון די מאַכטהאָבער און רייכע. דאָס איינציקע, מיט וואָס די נייע שאַפונג שיידט זיך אָפּ פון דער פריערדיקער פאָלקסשאַפונג, איז דאָס, וואָס אין איר שלאָגט העל און שטאַרק דאָס בירגערלעכע געפיל, אַנטפלעקט זיך דער באַוואוסטזיין פון דער מענטשלעכער ווערדע און די גרייטשאַפט צו שיצן זי מיט געווער אין די הענט. אָנשטאָט דער אַלטער געפאַלענער און קראַפטלאָזער קלאָג-תפילה, לערנט אונז דאָס פאָלקסליד פון אונזערע טעג, באַפעלנדיק שטרענג: „און אַז מען וועט דיר אין פנים שפייען—שפיי צוריק מיט בליי!"

---

V.

די יידישע נאַציאָנאַלע און פאָלקסטימלעכע שאַפונג שיידט זיך, ווי מיר האָבן געזעען סיי לויט אירע פאָרמען, סיי לויט איר כאַראַקטער און ריכטונג, שאַרף אָפּ פון דער שאַפונג פון אַנדערע פעלקער.

פונדעסטוועגן, ווען מיר זאָלן נעענטער באַטראַכטן די ווערק פון דער יידישער שאַפונג, דעם פאָלקלאָר פון מעשהלעך און לידער, וועלן מיר לייכט באַמערקן דערינען, הגם אויף אַ גאַנץ אַנדער געביט און אין אַנדערע פאָרמען, די אייגענע גרונד-מאָטיוון, וואָס מיר געפינען אויך אין דער פאָלקסטימלעכער פאָעטישער שאַפונג פון אַנדערע פעלקער.

ווי פאַרשיידן די פעלקער זאָלן ניט זיין צווישן זיך לויט זייער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און דער קולטור-מדרגה,—די פּסיכאָלאָגיע פון דער פאָלקסמאַסע בלייבט אומעטום און אַלעמאָל די אייגענע כמעט. אין זייער פאָעטישער שאַפונג ווייזן די מאַסן תמיד אַרויס אַ שטרעבונג צו אַ שטאַרקער אידעאַליזאַציע, אויב ניט צו אַ פאַרגעטערונג, פון זייערע באַליבטסטע העלדן, אַ שטרעבונג צו באַשרייבן גראַנדיאָזע בילדער פון קאַמף, צו שילדערן ערשיינונגען און האַסטיקע פאַרוואַנדלונגען. און אין דעם פרט איז די יידישע מאַסע ניט קיין יוצא-מן-הכלל. אויב ניט קוקנ-דיק אויף אירע פרובן אין משך פון פיל יאָרהונדערטער צו שאַפן זיך אַ גאָט, „וואָס זאָל גיין פאַר איר", האָט איר די פעלזנפעסטע מאָנאָטעאיסטישע דאָגמע ניט ערלויבט אַראָפּצוציען גאָט

פון הימל אויף דער ערד, קאָנקרעטיזירן אים אין דער געשטאַלט פון אַ געצנבילד, פון אַ ריז, אָדער צו באַשאַפן לויט זיין פורים און געשטאַלט אַ מענטשן=העלד, האָט זי דאָס אייגענע דערגרייכט אויף אַן אַנדער וועג: זי האָט באַשאַפן אַ מענטשן לויט דעם פורים און געשטאַלט פון גאָט, אַריבערוואַרפנדיק צווישן זיי אַ בריק — די תורה. אַזוי=אַרום האָט די יידישע פאָלקסמאַסע באַקומען די מעגלעכקייט אויף אַן אַנדער באָדן און אין אַנדערע פאָרמען צו שאַפן זיך די אייגענע מאָטיוון, וואָס מיר געפינען אין דער שאַפונג פון אַנדערע פאָלקסמאַסן, שילדערן ריזן און גיבורים, בילדער פון קאַמף און פון געראַנגל איינער אויף איינעם, וואונדערלעכע ערשיינונגען און פאַרוואַנדלונגען; אַרויסצוברענגען אַפילו אַלע פרט=עלעמענטן פון דעם איראָפּעאישן פאָלקלאָר. די גאַנצע נפקא=מינה איז בלויז אין דעם פאָן. בשעת ווען אין דעם איראָפּעאישן פאָלקלאָר אַנטפּלעקן זיך די דאָזיקע אַלע מאָטיוון אויף דעם פאָן פון דער פיזישער, מאַטעריעלער קראַפט, ווייזן זיי זיך אין דער יידישער שאַפונג אַרויס אויסשליסלעך אויף דעם פאָן און אין דעם געביט פון רוחניותדיקן כוח.

די יידישע פאָלקסשאַפונג, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, קען ניט קיין גיבורים פון פיזישער קראַפט, וועלכע זאָלן זיין ביכולת איבערצוקערן אַ סלופּ פון „הימל ביז דער ערד", „מיט אַ געגליטער פייל פון בויגן צעשמעטערן אַ מעכטיקן דעמב", „אין איין אָטעם אויסטרינקען אַ בעכער גרינעם וויין פון אָנדערהאַלבן עמער", „מיטן פאַרכישופטן שווערד דורכלייגן גאַסעלעך און גאַסן אין דעם שונאס מחנה" א. אַז. וו.*), — דערפאַר אָבער געפינען מיר אין דער דאָזיקער שאַפונג פונקט אַזעלכע מעכטיקע און אפשר נאָך מעכטיקערע גיבורים פון רוחניותדיקער קראַפט, וועלכע ווירקן ניט מיטן שווערד, נאָר מיטן וואָרט אָדער מיטן גייסט.

אין תלמוד געפינען מיר שוין אַ כאַראַקטעריסטיק פון די דאָזיקע גיבורים. „וואַרים זיך ביי דעם פייער פון די חכמים — שטייט געשריבן אין „פרקי=אבות" — אָבער זיי געוואָרנט פון זייערע קוילן, זאָלסט זיך ניט אָפּברענען, וואָרים זייער ביס איז ווי דער ביס פון אַ פוקס, און זייער שטאָך איז ווי דער שטאָך פון אַ עקדיש, און זייער שיפּען איז דאָס שיפּען פון אַ שלאַנג, און אַלע רייד זייערע זיינען — פייער=קוילן". און די דאָזיקע סימבאָלישע כאַראַקטעריסטיק פון דעם גיבור פון גייסט שטימט אינגאַנצן מיט דער רעאַלער שילדערונג פון אים אין תלמוד. דער תלמודישער העלד, דער תלמיד=חכם, איז בכוח מיט איין וואָרט חרוב מאַכן אַ גאַנצע מלוכה, פאַרטיליגן אומגעהייערע חיילות; ניט נאָר מיט ריזן ראַנגלט ער זיך, נאָר אויך מיט טייוואָלים און אפילו מיט דעם גרויזאַמען מלאך=המות אַליין. רב שמעון בן יוחאי, וואָס האָט 13 יאָר פאַרבראַכט אין אַ הייל, האָט באַקומען דעם כוח צו „פאַרברענען מיטן קוק". יעדערער, אויף וועמען ער האָט געוואָרפן זיין בליק, „אפילו אַ פויגל, וואָס פליט אין דער לופטן", פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ „קופּע ביינער". און נאָר אַדאַנק זייערע ביז צו דער ערד געוואַקסענע ברעמען זיינען די מענטשן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, ניצול געוואָרן פון טויט. רב יהושע בן לוי, ווי אַ סך אַנדערע חכמי=התלמוד, איז געווען באַקאַנט, זיך אָפּט געטראָפן און זיך געראַנגלט מיטן מלאך=המות. ווען דער דאָזיקער גרויזאַמער מלאך איז געקומען נאָך זיין נשמה, האָט דער תנא געפאָדערט, אַז ער זאָל אים אַפריער ווייזן דעם אָרט, וואָס איז פאַר אים אָנגעגרייט אין גן=עדן. דער מלאך=המות האָט אים אַוועקגעפירט אַהינצו. „גיב מיר דיין חלף, וואָרים איך קען זיך ניט פאַרלאָזן אויף דיר, כל=זמן מיר זיינען אין וועג" — האָט ווידער געפאָדערט רב יהושע. דער מלאך האָט דערפילט די דאָזיקע פאָדערונג אויך. אַז זיי זיינען צוגעקומען צום גן=עדן, האָט דער מלאך אונטערגעהויבן רב יהושען, ער זאָל קענען אַריינקוקן אינעווייניק אין גן=עדן. רב יהושע איז געשווינט אַריבערגעשפּרונגען דעם גדר פון גן=עדן און אַוועקגעטראָגן מיט זיך דעם

---

*) מאָטיוון פון די רוסישע פאָלקסמעשיות. — דער איבערז.

חלף. דער מלאך=המות האָט אָנגעכאַפּט דעם בורח פאַר אַ פּאָלע און געפּאָדערט, ער זאָל זיך אומקערן צוריק. רב יהושע האָט זיך געשוואָרן ביי גאָט, אַז ער וועט פון גן=עדן ניט אַרויסגיין. דער מלאך=המות איז אַוועקגעפלויגן קלאָגן זיך פאַר גאָט, און גאָט האָט באַפוילן אויסצופאָרשן, צי האָט רב יהושע ווען עס איז עובר געווען אויף זיינער אַ שבועה. ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט קיינמאָל ניט עובר געווען אויף זיינער אַ שבועה האָט גאָט געפּסקנט, אַז ער איז ניט מחוייב צו פאַרלאָזן דעם גן=עדן. דאַן האָט דער מלאך=המות גענומען בעטן ביי רב יהושען דעם חלף צוריק. רב יהושע האָט דעם חלף ניט געוואָלט צוריקגעבן, אָבער עס האָט זיך דערהערט אַ בת=קול פון הימל: „גיב צוריק דעם חלף, וואָרים ער איז נייטיק פאַר די מענטשן!"—און ער האָט צוריקגעגעבן דעם חלף.

געווען חכמים, וואָס האָבן אפילו ניט געפאָלגט קיין בת=קול אויך. אין איינער פון די אינטערעסאַנטסטע תּלמודישע אגדות ווערט דערציילט, אַז רב אליעזר בן הורקנוס האָט געהאַט אַ גרויסן וויכוח מיט די תּנאים מכוח דער שאלה וועגן טמא ווערן. רב אליעזר האָט געטענהט, אַז אַן אויוון קען ניט טמא ווערן; די תּנאים האָבן געהאַלטן פאַרקערט. אויסגעשעפּט אַלע ראיות, האָט רב אליעזר אויסגערופן: „זאָל דער בוים, וואָס וואַקסט לעבן בית=מדרש, זאָגן עדות, אַז איך בין גערעכט". איז דער בוים גלייך געוואָרן אויסגעריסן און אַוועקגעשליידערט אויף הונטערט איילן ווייט. די חכמים האָבן אָבער דערקלערט, אַז דער בוים איז פאַר זיי קיין ראיה ניט. דאַן האָט רב אליעזר געזאָגט: „זאָל דער טייך עדות זאָגן, אַז איך בין גערעכט!" האָט דער טייך גלייך אַ קער געטאָן דעם שטראָם אויף צוריק. „דער טייך איז פאַר אונז אויך קיין ראיה ניט!"—האָבן געענטפערט די חכמים. „זאָלן די ווענט פון בית=מדרש עדות זאָגן, אַז איך בין גערעכט!"—האָט רב אליעזר ווידער געפּאָדערט. האָבן די ווענט זיך אָנגעהויבן איינצובייגן אויף אומצופאַלן, אָבער איינער פון די תּנאים, רב יהושע, האָט אויסגערופן: „ווען די חכמים אַמפּערן זיך צווישן זיך, דאַרפן די ווענט זיך ניט מישן אין זייער מחלוקת!" אויס דרך=ארץ צו רב יהושען זיינען די ווענט ניט אומגעפאַלן, אָבער אויס דרך=ארץ צו רב אליעזרן האָבן זיי זיך אויך ניט אויסגעגלייכט און זיינען געבליבן אַזוי איינגעבויגן עד היום הזה. דאַן האָט רב אליעזר געזאָגט: „זאָל דער הימל עדות זאָגן, אַז איך בין גערעכט!" איז אַראָפּ אַ בת=קול פון הימל: „וואָס אַמפּערט איר זיך מיט רב אליעזרן! ער איז אַלעמאָל גערעכט!" האָט רב יהושע אויסגערופן: „די תּורה איז שוין מער ניט אויפן הימל. זי איז אונז אָפּגעגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני—און אין איר שטייט געשריבן, אַז אַלע שאלות ווערן געפּסקנט מיט אַ רוב=דעות. דערום וועלן מיר ניט פאָלגן דעם בת=קול". און די תּנאים האָבן אַריינגעלייגט רב אליעזרן אין חרם, פאַרוואָס ער האָט ניט געהאָרכט דעם רוב=דעות.

אין אַן אַנדער אָרט ווערט דערציילט, אַז צו רב הנינא בן דוסא, וועלכער האָט געהאַט אַ סך ציגן, זיינען איינמאָל געקומען די שכנים קלאָגן זיך, אַז זיינע ציגן האָבן זיי אָנגעמאַכט גרויס שאָדן אין פעלד. האָט זיי רב חנינא געענטפערט: „אויב דאָס, וואָס איר האָט געזאָגט, איז אמת, זאָלן בערן פאַרצוקן מיינע ציגן; אויב אָבער דאָס איז ניט אמת, זאָלן מיינע ציגן פאַרשטויסן מיט די הערנער די בערן". פאַרנאַכט זיינען זיינע ציגן געקומען פון פעלד און יעדערע האָט געטראָגן אַ בער. האָבן אַלע איינגעזעען, אַז די שכנים האָבן געזאָגט אַ ליגן.

גאַנץ אַנאַלאָגישע מאָטיוון געפינען מיר אויך אין דער הייטיקער פאָלקסשאַפונג. די העלדן פון די פאָלקס=מעשיות, בפרט פון די לעגענדעס, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט די נעמען פון פּאָפּולערע צדיקים=בעל=מופתים, זיינען כמעט ווי אַלמעכטיק. זיי האָבן דעם כּוח מיט איין וואָרט חרוב צו מאַכן שטעט, פאַרטיליגן חיילות פון שונאים. פון זייערן אַ קוק פאַלן טויט די, וואָס גלויבן ניט אין זיי. חיות=רעות ווערן פאַר זיי שטילע שעפּעלעך, שטעלן זיי אונטערטעניק אונטער דעם רוקן צו טראָגן זיי, וואוהין זיי ווילן. רב ישראל בעל=שם=טוב (דער בעש"ט), פאָרנ=

דיק מיט זיינע תּלמידים דורך אַ וואַלד אין אַ ברענענדיקן פראָסט, רירט זיך צו מיטן פינגער צו אַ בוים, צינדט זיך דער בוים אָן און אַלע וואַרימען זיך אָפּ אַרום דעם דאָזיקן פייער. אן אַנדערש מאָל, ווען מ׳אַרעסטירט דעם בעש״ט און מ׳זעצט אים איין ביים פריץ אויפן הויף הינטער פעסט־געשלאָסענע טויערן, הייסט ער זיין בעל־עגלה שפּאַנען די פערד און אַוועקפאָרן, און ווען די פערד קומען צו צו די געשלאָסענע טויערן, „האָבן זיך די טויערן מיט די סלופּעס אויפגעהויבן אין דער הייך, און דער בעש״ט איז דורכגעפאָרן". איינמאָל איז אויף דעם בעש״ט שלאָפנדיקערהייט אָנגעפאַלן אַ גזלן און האָט שוין אויפגעהויבן איבער זיין קאָפּ די האַק, אָבער בזה הרגע האָט עמיצער אָנגעכאַפּט דעם גזלן און האָט אים געשלאָגן מכּת־רצח, אַז ער איז געבליבן ליגן אין חלשות, און ווען ער האָט זיך דערמינטערט, האָט ער אַליין דערציילט וואָס מיט אים איז געשען.

באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז אָבער די דאָזיקע לעגענדע:

איינמאָל איז דער בעש״ט געקומען צו פאָרן קיין פּויזנע. דער פערד האָט זיך צעטראָגן און איז אַריינגעפאָרן אין אַ גאַס, וואו די יידן האָבן זיך ניט געטאָרט וויזן אונטער דעם שרעק פון טויט־שטראָף. די איינציקע אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן פאַר אַ יידישן שניידער, וואָס האָט געוואוינט אויף דער דאָזיקער גאַס. דער בעש״ט איז פאַרפאָרן צו אים און האָט גלייך אָנגעהויבן צו טאָן תּפילה מיט גרויס דבקות און געשרייען. דערהערט די דאָזיקע געשרייען, האָבן די קריסטן אַרומגערינגלט דעם שניידערס הויז און גענומען פאָדערן, מ׳זאָל זיי אַרויסגעבן דעם אָנגעקומענעם, און ווען דער שניידער האָט, נאָכטוענדיק לוטן, זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן דעם אורח, האָבן זיי זיך באַוואָפנט מיט שטיינער און זיך אָנגעהויבן צו ברעכן אין טיר אַריין. דאַן האָט דער בעש״ט געעפנט די טיר, איז אַרויס אויף דער גאַס און געטאָן אַ קוק אויף די אָנפאַלער. און כהרף־עיין איז צווישן זיי געוואָרן אַ גרויסע מהומה, און אין גרויס אימה האָבן זיי אָנגעהויבן צו אַנטלויפן, אומוואַרפנדיק איינער דעם אַנדערן און ברעכנדיק זיך הענט און פיס. פון גאַנץ שטאָט איז מען זיך צונויפגעלאָפן אַ קוק טאָן, ווי אַזוי די גיבורים מיט קולות „ראַטעוועט!" אַנטלויפן פאַר איין יידן, וואָס יאָגט זיי גאָר ניט נאָך. און ווען מ׳האָט שפּעטער געפרעגט די אַנטלויפנדיקע, פאַרוואָס האָבן זיי זיך עס אַזוי דערשראָקן, האָבן זיי געענטפערט: „אונז האָט זיך געדאַכט, אַז אַרום דעם יידן זיינען געשטאַנען פייערדיקע לייבן, לעמפּערטן, בערן און משונה גרויסע שלאַנגען און געעפנט די מיילער אונז איינצושלינגען. אונז האָט זיך געדאַכט, אַז זיי יאָגן אונז נאָך, און אַז זייער פייער ברענט אונז".

אָדער די דאָזיקע לעגענדע:

איינער אַ קרעטשמער האָט אויסגעזידלט און אין אַ ברענענדיקן פראָסט אַרויסגעטריבן פון שטוב דעם צדיק זוסיע אַניפּאָליער, וואָס האָט זיך אים צוגעגעסן מיט זיינע דרשות וועגן תּשובה טאָן. זוסיע האָט זיך געשטעלט מתפּלל זיין, און גלייך האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורימווינט, צעשמעטערט דעם פאַרקאַן, אַראָפּגעטראָגן פון דער קרעטשמע דעם דאַך, ס׳איז אַרויס אַ האָגל, וועלכער האָט אויסגעהאַקט אַלע שויבן אין די פענסטער, צעבראָכן דאָס גאַנצע געפעס אין דער קרעטשמע און אויסגעבראָכן דעם קרעטשמער אַ האַנט.

אַזוי ווי די חכמי־התּלמוד, האַלטן אויך די העלדן פון די היינטיקע לעגענדעס, אַז זיי זיינען ניט מחויב צו פאָלגן דעם בת־קול פון הימל און צו גאָט טוען זיי זיך ווענדן גאַנץ פאַמיליער, אַזוי ווי צו אַ גלייכער מיט אַ גלייכן. דער בראָדער רב, ר׳ יצחק הורוויטש, האָט איינמאָל געהאַט צו באַטראַכטן אַ תּביעה פון די יורשים פון איינעם אַ יידן צו אַ מענטשן, וואָס זיינעם אַ שטר־חוב האָט מען געפונען צווישן די פּאַפּירן פון זייער פאַרשטאָרבענעם פאָטער. און „ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דער מת איז געשטאַנען דערביי און געטענהט, אַז דאָס געלט האָט ער שוין באַקומען", האָט דער רב געפּסקנט די תּביעה לטובת די יורשים. „דעם מת ווער=

טער זײַנען פֿאַר מיר גאָרנישט װערט! אפילו אַ בת־קול פֿון הימל װעל איך ניט פֿאָלגן,— האָט דער רב געזאָגט.—די תּורה איז איצטער אויף דער ערד, און איך פּסקן אַזוי, װי אין איר שטייט געשריבן!״

באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז די לעגענדע מיט דעם דין־תּורה, װאָס איינער אַ ר׳ פּייװל האָט געהאַט מיט גאָט צוליב דער גזירה, װאָס דער רומענישער קיסר האָט אַרויסגעגעבן קעגן די יידן*).

איינער פֿון די אָנגענומענע מאָטיװן פֿון דעם הערזאָאישן־עפּאָס, דאָס געראַנגל פֿון גיבורים איינער אויף איינעם, האָט אין דער יידישער פֿאָלקספּאָעזיע געפֿונען זײַן אויסדרוק אין דער פֿאָרם פֿון קאַמף פֿון דעם צדיק און דעם ניטגוטן, צװישן די פֿאָרשטייער פֿון דער געט־לעכער קראַפֿט און דער סטרא־אחרא. מיר װעלן ברענגען איינע פֿון אַזעלכע מעשׂיות, װעלכע איז, װייזט אויס, ערשט שפּעטער פֿאַרבונדן געװאָרן מיט דעם פּאָפּולערן נאָמען פֿון דעם בעש״ט.

איינמאָל איז דער בעש״ט צוזאַמען מיט זײַנע תּלמידים צוגעפֿאָרן צו אַ קרעטשמע. אַריין אין שטוב, האָבן זיי דערזען, אַז דאָרט ברענען אַ סך ליכט, און דער בעל־הבית גייט אַרום זייער פֿאַרזאָרגט. דער בעש״ט האָט אים געפֿרעגט, װאָס פֿאַר אַ עגמת־נפֿש ער האָט, און דער קרעטשמער האָט אים דערציילט אָט װאָס: „עטלעכע מאָל האָט מײַן װײַב מיר געבוירן ייִנג־לעך, און יעדעס מאָל פֿלעגן זיי שטאַרבן ערב דעם ברית, אום האַלבע נאַכט, אָן אַ שום קענטיקער סיבה. איצט האָט די װײַב געהאַט דאָס פֿינפֿטע ייִנגל, מאָרגן דאַרף זײַן דער ברית, האָב איך מורא, אַז הײַנט אום האַלבע נאַכט װעט דאָס קינד שטאַרבן״. האָט דער בעש״ט אים געזאָגט, ער זאָל גאָר קיין פּחד ניט האָבן, און אַליין האָט ער אַװעקגעשטעלט צװיי מענטשן ביים קינדס װיגעלע, האָט זיי געגעבן אַ זאַק און געהייסן אים האַלטן אָפֿענערהייט סאַמע בײַם װיגל און זײַן אויף אַ גאַנצע נאַכט, און װי נאָר עפּעס װעט אַריינפֿאַלן אין זאַק אַריין, גלײַך פֿאַרבינדן דעם זאַק און אים אויפֿװעקן. און די תּלמידים זײַנע האָט ער געהייסן תּפֿילה טאָן אַ גאַנצע נאַכט. אַז ס׳איז געקומען האַלבע נאַכט, האָבן די ליכט אָנגעהויבן צו צאַנקען, האָבן די תּלמידים אָנגעהויבן מתפּלל צו זײַן נאָך מיט מער כּװנה, און די ליכט האָבן זיך ניט אויסגע־לאָשן. אין דער רגע איז צום װיגעלע צוגעלאָפֿן אַ שװאַרצע קאַץ, זי איז אָבער אַרײַנגעפֿאַלן אין זאַק אַריין. די צוגעשטעלטע מענטשן האָבן פֿאַרבונדן דעם זאַק און אויפֿגעװעקט דעם בעש״ט. האָט ער געהייסן קלאַפּן איבערן זאַק מיט שטעקנס און דערנאָך אים אַרויסװאַרפֿן אויף דרויסן. און מ׳האָט געטאָן אַזוי. דאָס קינד איז געבליבן לעבן, און אויף מאָרגן האָט מען געפּראַװעט דעם ברית מיט גרויס שׂמחה און פּאַראַד.

נאָכן ברית האָט דער קרעטשמער, װי דער מנהג איז געװען, אַװעקגעטראָגן דעם פּריץ, װאָס האָט דאָרטן געװאוינט אין זײַן פּאַלאַץ, אַ לעקעך. די דינער האָבן געזאָגט דעם קרעטש־מער, אַז דער פּריץ ליגט קראַנק, אָבער װען דער פּריץ איז געװאָר געװאָרן, אַז ס׳איז געקומען דער קרעטשמער, האָט ער געלאָזט אים רופֿן צו זיך, און האָט אים געפֿרעגט, װער געפֿינט זיך בײַ אים פֿון פֿרעמדע מענטשן. דער קרעטשמער האָט געענטפֿערט, אַז צו אים איז פֿאַרפֿאָרן אַ צדיק, און האָט דערציילט, װי אַזוי דער צדיק האָט מציל געװען דאָס קינד פֿון טויט. האָט דער פּריץ געזאָגט: „זאָג דײַן גאַסט, אַז איך בעט אים קומען צו מיר, איך װיל מיט אים זיך דורכריידן״. דער קרעטשמער האָט זיך דערשראָקן, דער פּריץ זאָל חס־ושלום ניט טאָן דעם צדיק קיין שלעכטס. אָבער דער בעש״ט האָט נאָר אַ שמייכל געגעבן איבער דעם קרעטשמערס מורא

---

*) דאָ ניט אַנ—סקי איבער דעם אינהאַלט פֿון דער חסידישער מעשׂה, װאָס ער האָט שפּעטער באַאַרבעט אין חומש פּערזון אינטערן נאָמען „אַ דין־תּורה״ („געזאַמעלטע שריפֿטן״ פֿון ש. אַנ—סקי, 1911, ז. 85—94).

און איז אָן פחד אַוועק צום פריץ. אַז יענער האָט אים דערזען, האָט ער אויסגעשריען: „נעכטן ביינאַכט האַסטו מיך געפאַקט אומגעריכטערהייט, און איך האָב קיין צייט ניט געהאַט זיך צוצוגרייטן. דאָס איז קיין קונץ ניט! אויב דו ווילסט אָבער זיך ראַנגלען מיט מיר, לאָמיר אַרויסגיין אין פעלד, וועלן מיר זיך פאַרמעסטן מיט די כוחות" (דער פריץ איז געווען אַ מכשף און יעדעסמאָל פלעגט ער זיך פאַרוואַרפן אין אַ קאַץ און קומען שטיקן דעם קרעטשמערס קינדער). האָט אים דער בעש"ט געענטפערט: „איך האָב ניט געהאַט אפילו אין זינען צו ראַנגלען זיך מיט דיר, איך האָב נאָר געוואָלט ראַטעווען דאָס קינד. נאָר אַז דו ווילסט, וועל איך זיך ניט אָפּזאָגן און וועל זיך ראַנגלען מיט דיר. איך וועל צונויפזאַמלען מיינע תלמידים, דו זאַמל צונויף דיינע, און פונקט אין אַ חודש אַרום וועלן מיר זיך צוזאַמענקומען אין פעלד און מיר וועלן זען, ווער איז שטאַרקער, צי דו מיט דיין כישוף, צי איך מיט גאָטס נאָמען אויף די לעפצן".

פונקט אין אַ חודש אַרום זיינען ביידע מחנות זיך צוזאַמענגעקומען אין פעלד: פון איין זייט דער מכשף מיט זיינע תלמידים, פון דער אַנדערער — דער בעש"ט מיט זיינע תלמידים, און דער געראַנגל האָט זיך אָנגעהויבן. דער בעש"ט האָט געמאַכט אַרום זיך צוויי קרייזן און אַרום די תלמידים נאָך אַ דריטן און האָט געהייסן די תלמידים, זיי זאָלן פון אים קיין אויג ניט אַראָפּנעמען, און אויב זיי וועלן דערזען, אַז זיין פנים האָט זיך פאַרענדערט, זאָלן זיי זיך אָנטאָן אַ כוח צו טראַכטן נאָר וועגן תשובה. דער מכשף האָט אויך געמאַכט אַרום זיך און די חברים זיינע אַן עיגול און האָט אָנגעהויבן אַרויסצושיקן חיות־רעות, וועלכע האָבן מיט אַ שרעקלעכן ברומען זיך געוואָרפן אויפן בעש"ט, אָבער קוים צוגעקומען צו דעם ערשטן קרייז, פלעגן זיי נעלם ווערן. אַזוי האָט זיך עס געצויגן אַ גאַנצן טאָג. יעדע רגע האָבן זיך געביטן די חיות, אָבער קיין איינע פון זיי האָט ניט געקענט אַריבערטרעטן דעם ערשטן עיגול. לסוף האָט דער מכשף אַרויסגעשיקט קעגן דעם בעש"ט ווילדע חזרים, וואָס האָבן געשליידערט פלאַמען פייער פון די נאָזלעכער. מיט אַ מוראדיקן אימפעט האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם בעש"ט און אַריבערגעשפרונגען דעם ערשטן עיגול. דעם בעש"טס פנים האָט זיך פאַרענדערט. אָבער זיינע תלמידים האָבן זיך געשטאַרקט אין זייערע הירהורי־תשובה, און ווען די חזרים זיינען צוגעקומען צו דעם צווייטן קרייז, זיינען זיי פאַרשוואונדן. דער מכשף האָט עס איבערגעחזרט דריי מאָל, אָבער די חזרים האָבן ניט געקענט אַריבערטרעטן דעם צווייטן קרייז. דאָ האָט דער מכשף זיך אָפּגערופן צום בעש"ט: „איך האָב שוין מער קיין כוח ניט צו ראַנגלען זיך מיט דיר. איך ווייס, אַז דו וועסט מיך באַלד טייטן מיט דיין קוק, און איך זעגן זיך מיטן לעבן". האָט אים דער בעש"ט געענטפערט: „ווען איך זאָל געוועו וועלן דיך טייטן, וואָלט איך עס שוין לאַנג געטאָן. איך וויל אָבער, אַז דו זאָלסט פאַרשטיין די גרויסקייט פון אונזער גאָט. הייב אויף די אויגן און טו אַ קוק אויפן הימל". דער מכשף האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל — און אין דער רגע זיינען געקומען צו פליען צוויי שפּאַרבערס און אים אויסגעפּיקט די אויגן. איז דער מכשף בלינד געוואָרן און האָט שוין מער ניט געקענט טאָן קיין כישוף.

---

### VI.

אוודאי איז אין דעם יידישן לעבן ניט געווען קיין שום באָדן פאַר ריטערלעכער פּאָעזיע, מיט די אַלע מאָטיוון אירע, מיט די ריטערלעכע גבורות, העלדישע אויפטריטן, דועלן א. אַז. וו. ווען מיר זאָלן זיך אָבער צוקוקן צו דער חסידישער פאָלקסשאַפונג, צו די מעשיות און לעגענדעס וועגן פאַרשיידענע צדיקים, וועלן מיר דאָרט געפינען בפועל־ממש די אייגענע מאָטיוון, וואָס אין דער ריטערלעכער פּאָעזיע, מערניט ווידעראַמאָל טאַקע אויף דעם באָדן פון רוחניות.

די צדיקים, אַזוי ווי די ריטערס, פֿאָרן שטענדיק אַרום איבער די הויפֿן און שטעטלעך, דאָס רוב איז דער באַגלייטונג פֿון אַ גאַנצער סוויטע פֿאַרערער־חסידים, אויפֿן שטייגער פֿון די ריטערלעכע וואָפּנטרעגער. דער הויפּטצוועק פֿון די דאָזיקע נסיעות, ווי די לעגענדעס זייַנען מרמז, איז „פּדיון שבויים״—אַ מאָטיוו אַ גאַנץ פֿאַנטאַסטישער, וואָס שטימט אָבער זייער גוט מיט דעם ריטערלעכן כאַראַקטער פֿון זייער טעטיקייט. די לעגענדעס זאָגן אַ וואָרט ניט וועגן די נסיונות פֿון די צדיקים אויסצולייזן ווירקלעכע געפֿאַנגענע אָדער תּפֿוסים. דערפֿאַר אָבער געפֿינען מיר אין זיי אָן אַ שיעור מעשׂיות וועגן דעם, ווי אַזוי די צדיקים לייזן אויס די זינדיקע נשמות פֿון דעם גיהנום אָדער דער שאול־תּחתּיה, רייסן זיי אַרויס אויס די נעגל פֿון די ניטגוטע, ראַנגלען זיך פֿאַר זייערטוועגן מיט דער קליפּה, הייבן אויף אַ רעש אין הימל, פֿאָדערנדיק גערעכטיקייט. צוזאַמען מיט די נשמות לייזן זיי אויך אויס די ניט דערגאַנגענע אָדער פֿון דער סטרא־אחרא איבערגענומענע תּפֿילות און ברענגען זיי צום כּסא־הכּבוד. לויט זייער כאַראַקטער זייַנען די דאָזיקע לעגענדעס מאָדנע ענלעך אויף די ריטערלעכע מעשׂיות.

צו דעם בעש״ט, ווען ער פֿלעגט מתפּלל זיין, פֿלעגן זיך מעלדן גאַנצע חיילות מתים, וועלכע פֿלעגן בעטן, ער זאָל זיי געבן תּיקון און אַרייַנברענגען אין גן־עדן. דער בעל־מופֿת ר׳ יצחק לוריא, דער אר״י, איז מציל זינדיקע מתים, וואָס שדים, פֿאַרשטעלטע פֿאַר אָקסן, טראַמפּלען זיי מיט די פֿיס. אָבער ווען צו אים קומט די נשמה פֿון אַ מסור, אין דער געשטאַלט פֿון אַ קראָ, און בעט אים קראַקענדיק, ער זאָל איר געבן תּיקון, טרייַבט ער זי אַוועק. באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז די מעשׂה וועגן דעם, ווי אַזוי דער בעש״ט איז געגאַנגען אין הימל. איינמאָל יום־כּיפּור בשעת נעילה איז ער גאַנצע צוויי שעה געשטאַנען ביים עמוד שווייגנדיק און אומבאַוועגלעך, מיט אַן אויסדרוק פֿון פּייַנלעכן קאַמף אויפֿן געזיכט. אַז מ׳האָט אים שפּעטער געפֿרעגט, וואָס איז עס געווען, האָט ער דערציילט אָט וואָס: ער איז געוואָר געוואָרן, אַז אין הימל שטאַרקט זיך דער קטרוג אויף די יידן, איז ער אַוועק אַהינצו. אַרייַנגעקומען אין אַ הימלישן געצעלט, האָט ער דאָרט געפֿונען תּפֿילות, וואָס זייַנען געבליבן ליגן אין משך פֿון גאַנצע פֿופֿציק יאָר. האָט ער צו זיי געזאָגט: „קומט צוזאַמען מיט מיר!״— און האָט זיך געלאָזט גיין צו די „גרויסע טויערן״, וואָס פֿון דאָרטן איז שוין אַ גלייכער וועג צו דעם כּסא־הכּבוד. די דאָזיקע טויערן זייַנען געווען גרויס ווי די וועלט. פּלוצלונג איז געקומען צו פֿליען אַ מלאך, פֿאַרמאַכט די טויערן און אויפֿגעהאַנגען אויף זיי אַ שלאָס ווי אַ שטאָט די גרייס. דער בעש״ט איז אַוועק צו זיין פֿאַרשטאָרבענעם רבי, וואָס איז געווען אויפֿן הימל, און האָט אויסגעשריען: „רבי! די יידן קענען זיך נאָך, חס־ושלום, אויסריכטן גרויסע אומגליקן, און מיך לאָזט מען ניט גיין בעטן פֿאַר זיי! העלפֿט מיר עפֿענען די טויערן. איך וואָלט זיך ניט אייַנגעשטעלט, ווען די סכּנה וואָלט ניט געווען אַזוי גרויס״. דער רבי איז אַוועק צו די טויערן, ער האָט אָבער אויך ניט געקענט זיי עפֿענען. האָט ער געוואָלט אַוועקגיין, אָבער דער בעש״ט האָט צו אים אַ געשריי געגעבן: „רבי, ווי אַזוי פֿאַרלאָזט איר עס מיך אין אַזאַ שרעקלעכער צייט?״ האָט אים דער רבי אַוועקגעפֿירט צו משיחס פּאַלאַץ. אַז משיח האָט זיי דערזען, האָט ער געזאָגט צום בעש״ט: „שריי ניט, אָט האָסטו אַ צייכן, און לויט דעם צייכן וועלן זיך פֿאַר דיר עפֿענען די טויערן!״ ווען די טויערן האָבן זיך געעפֿנט, און דער בעש״ט איז אַרייַנגעקומען, ברענגענדיק מיט זיך די תּפֿילות, זייַנען אַלע וועלטן פֿול געוואָרן מיט אַזאַ שׂמחה, אַז דערפֿון אַליין איז בטל געוואָרן דער קטרוג אויף די יידן.

און ניט נאָר ביים לעבן—אויך נאָכן טויט פֿירן די צדיקים אַ געראַנגל פֿאַר די זינדיקע נשמות.

איינער אַ צדיק האָט געזען אין חלום, אַז דער הייליקער ר׳ מיכלע, וואָס איז ניט לאַנג פֿאַר דעם געשטאָרבן, שטייט ביי די טויערן פֿון דעם גן־עדן און גייט ניט אַריין אינ־

וויינִיק. דער צדיק האָט געמיינט, אַז מ'לאָזט אים אַהינצו ניט אַריין, האָט ער אָנגעהויבן צו פאַסטן תעניתים און בעטן גאָט פאַר ר' מיכלען. איז יענער צו אים געקומען צו חלום און געזאָגט: „אומזיסט פאַסטו תעניתים. איך וויל אַליין ניט גיין אין גן-עדן. איך האָב געפּאָדערט, מ'זאָל מיר אַרויסגעבן פון גיהנום עטלעכע נשמות, וועלכע איך וויל אַריינפירן אין גן-עדן, האָט מען מיר געענטפערט, אַז דאָס איז אוממעגלעך. וויל איך אָן זיי ניט גיין אין גן-עדן. און איך וויל פועל זיין, אַז מ'זאָל מיר די דאָזיקע נשמות אַרויסגעבן פון גיהנום".

וואָס איז שייך די ריטערלעכע טורנירן, האָבן מיט זיי אַ גרויסע אַנאַלאָגיע, לויט די אויסערלעכע אַקסעסואַרן און דעם כאַראַקטער זייערן — די רעליגיעזע וויכוחים, וואָס זיינען איינער פון די באַליבטסטע מאָטיוון אין די יידישע פאָלקסמעשיות. די דאָזיקע וויכוחים (דאָס רוב צווישן אַ רב און אַ „אפּיקורס") וועגן דעם, וועמעס אמונה איז די אמתע, קומען פּאָר, אַזוי ווי די ריטערלעכע טורנירן, אין דער געגנוואַרט פון קיניג, קיניגין און שררות און ווערן באַגלייט כמעט מיט די אייגענע צערעמאָניעס און פייערלעכקייט.

אָן אַ זעלבשטענדיקן מלוכישן לעבן, האָט די יידישע פאָלקסמאַסע ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו שאַפן לעגענדעס וועגן מלכים, צו באַזינגען אין לידער און שילדערן אין מעשיות קלוגע און גוטע קיסרים, שררות און מלוכה-לייט. פונדעסטוועגן קען מען ניט זאָגן, אַז די דאָזיקע מאָטיוון פעלן אינגאַנצן אין דער יידישער פאָלקסשאַפונג. ניט האָבנדיק קיין באָדן פאַר אַזעלכע מאָטיוון אין דעם לעבן פון איצט, טוט זיך די פּאָעטישע שאַפונג פון דער פאָלקסמאַסע אָפּט ווענדן צו די אַלט-היסטאָרישע מאָטיוון, נעמט אַלס העלדן משה-רבינו, יהושע בין-נון, דוד המלך און זיינע אנשי-מלחמה, און באַזונדערס אָפּט — שלמה המלך. אַחוצדעם ווערן די פאַנטאַסטישע מעכטיקע מלכים פון די האַלב-אַנטליענע אַראַבישע מעשיות פאַרוואַנדלט אין יידן, און זייערע מלוכות — אין יידישע מלוכות. דאָס אייגענע איז אויך אין דעם פאָלקסליד — דער מאָטיוו פון אַ יידישן מלך רייסט זיך — זעלטן — אָבער פאָרט ווען עס איז דורך:

„אַמאָל איז געווען אַ מעשה, די מעשה איז גאָרניט פריילעך, די מעשה הייבט זיך אָנעט מיט אַ יידישן מלך. דער מלך האָט געהאַט אַ מלכה, די מלכה האָט געהאַט אַ וויינגאָרטן" א. אַז. וו.

אָדער: „אַמאָל איז געווען אַ מעשה אַזוי און אַזוי, האָט אַ מאַן אַוועקגעלאָזט אַ יונגינקע פרוי; איז ער געגאַנגען ווילד אויס און ווילד אַיין, איז ער געקומען אין אַ שטעטעלע אַריין. האָט ער דערזען אַ יידישן מלך, איז אים געוואָרן אויפן הערצעלע פריילעך".

דאָס רוב איז דער ייד אין די פאָלקסמעשיות ניט קיסר, נאָר „משנה-למלך". לויט די מאָטיוון פון די יידישע מעשיות שענקט דער קיסר דעם מענטשן, וואָס האָט אים געטאָן עפּעס אַ גרויסע טובה, ניט קיין האַלבע מלוכה, נאָר אַ האַלבע ממשלה (אויך אַ מער רוחניותדיקע פאָרם). אָבער אָפטער ווי אַלץ איז דער ייד, וואָס האַלט אין זיין האַנט דעם גורל פון לאַנד, דעם קיסרס אַ בעל-יועץ. געוויינלעך איז דאָס אַן אָרימאַן, וואָס קיינער קען אים ניט, וואוינט ערגעץ עק שטאָט אין אַ חורבה. אָבער אין שווערע מאָמענטן קומט דער קיסר אָדער דער ערשטער מיניסטער אָן צו זיין קלוגער עצה און צו זיין הילף.

דעם דאָזיקן מאָטיוו געפינען מיר אין גמרא אין דער אגדה וועגן אנטנינוס און רבי דעם תנא. אנטנינוס האָט געהאַט צו רבין אַזאַ יראת-הכבוד, אַז ער האָט אים פאָרגעלייגט צו זיין אַ פוסבענקעלע פאַר זיינע פיס. ער האָט אָבער געהאַלטן בסודי-סודות, אַז ער גייט לערנען חכמה ביי רבין. פון דעם קיסרס פּאַלאַץ צו רביס הויז איז געווען אַ גאַנג אונטער דער ערד, דורך וועלכן אנטנינוס פלעגט גיין ביינאַכט אין דער באַגלייטונג פון צוויי קנעכט. און כדי די קנעכט זאָלן ניט מגלה זיין דעם סוד, פלעגט ער איינעם טייטן ביי דער טיר פון רביס הויז און דעם אַנדערן צוריקקומענדיק אין פּאַלאַץ אַריין („עבודה זרה", י', ב).

אין דער ראָלע פון די געהיימע קייזערלעכע ראָטגעבער טרעטן אין די הײנטיקע מעשיות אין לעגענדעס אַרויס אַלץ דיזעלביקע פּאָפּולערע צדיקים און בעל־מופתים. פאַראַן אַ סך לעגענדעס וועגן רב לוי בן בצלאל, געגאַנט גור־אריה, וואָס איז געווען אַ ידיד פון „פּראָגער מלך" און האָט געהייסן ביי אים ניט אַנדערש ווי „מיין לייבל". נאָך מער לעגענדעס אַזעלכע זיינען פאַרבונדן מיט דעם נאָמען פון דעם רמב"ם, „דעם גרעסטן רופא אין דער וועלט". באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז די דאָזיקע לעגענדע:

איינער אַ פרומער מאַן, רב אליעזר, איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די טאָטערן, און זיי האָבן אים פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט ערגעץ אין אַ ווייטער מדינה. געקויפט האָט אים אַ גרויסער שררה, און אים אַוועקגעשאָנקען דעם משנה־למלך, וועלכער האָט אים געמאַכט פאַר זיין לייב־דינער. איינמאָל האָט דער מלך פון יענער מדינה געדאַרפט גיין האַלטן מלחמה, האָט ער געפרעגט אַן עצה ביים משנה־למלך. דער משנה־למלך האָט אים אָבער קיין גלייכע עצה ניט געקענט געבן, און דער מלך איז אויף אים שטאַרק דערצאָרנט געוואָרן. דער משנה־למלך איז געקומען אַהיים זייער באַטריבט, האָט ניט געגעסן און ניט געטרונקען. האָט אים רב אליעזר געפרעגט, פאַרוואָס איז ער זיך מצער. צוערשט האָט ער אים גאָרנישט ניט געזאָגט; אַז זיין דינער איז אָבער שטאַרק צו אים צוגעשטאַנען, האָט ער אים דערציילט די סיבה פון זיין עגמת־נפש. רב אליעזר האָט אָנגעהויבן תּפילה צו טאָן, און פון הימל האָט מען אים געגעבן צו וויסן, וואָס פאַר אַן עצה דער משנה־למלך דאַרף געבן דעם קיניג. רב אליעזר האָט עס איבערגעגעבן זיין האַר, און יענער איז אַוועק צום מלך און אים געזאָגט די עצה. דער מלך האָט אָבער גלייך פאַרשטאַנען, אַז עמיצער האָט עס דעם משנה־למלך אונטערגעזאָגט. „אין דיינע ווערטער—האָט דער מלך געזאָגט—ליגט אַ איבערמענטשלעכע חכמה. ניט אַנדערש, אַז דו ביסט דאָס דערגאַנגען דורך כּישוף". דאַן האָט דער משנה־למלך זיך מודה געווען, אַז די עצה האָט אים געגעבן זיין דינער. האָט דער מלך געשיקט רופן רב אליעזרן און אים געמאַכט פאַר זיין ראָטגעבער. איינמאָל איז דער מלך אַוועקגעפאָרן מיט שיפן באַצווינגען אַ שטאַרקע פעסטונג. רב אליעזר איז אויך געווען אויף דער שיף. האָט מען אים צו וויסן געטאָן פון הימל, אַז די פעסטונג איז זייער שווער צו נעמען, וואָרים די שיפן, וואָס קומען צו צו איר, ווערן גלייך צעשמעטערט אויף פיצלעך. און ער האָט אַן עצה געגעבן דעם מלך אַוועקצווואַרפן אין אַ שיפל מענטשן, וואָס זיינען חייב מיתה און אַוועקשיקן זיי צו דער פעסטונג. ווי נאָר דאָס שיפל איז צוגעקומען נאָענט צו דער פעסטונג, איז עס צעשמעטערט געוואָרן און אַראָפּ צום גרונד. דער מלך האָט געזעען די חכמה פון רב אליעזר און האָט אים געפרעגט אַן עצה, ווי אַזוי צו נעמען די פעסטונג. רב אליעזר האָט אים געגעבן אַן עצה און די פעסטונג איז איינגענומען געוואָרן. דאַן האָט דער מלך געמאַכט רב אליעזרן פאַר זיין משנה־למלך*).

---

*) אַלס יסוד פאַר דעם גרעסטן טייל פון די דאָזיקע לעגענדעס האָט, ווייזט אויס, געדינט די געשיכטע מיט דער גדולה פון רב שמואל הלוי בן יוסף הנגיד (אין X יר"ה), וועלכער איז פון אַ קליינעם קרעמער נתעלה געוואָרן צו דער מדרגה פון דעם ערשטן מיניסטער ביים קיניג פון גראַנאַדע.

לעבן רב שמואלס קרעמל איז געשטאַנען דער פּאַלאַץ פון דעם ווזיר פון דעם גראַנאַדער קיניג כאַבוס. איינע פון דעם ווזירס דינסטן פלעגט אָפט בעטן איר שכן, דעם קרעמער, ער זאָל איר שרייבן בריוו. די דאָזיקע בריוו זיינען אַריינגעפאַלן צו דעם ווזיר אין די הענט, האָבן אים פאַראינטערעסירט, און ער האָט באַשלאָסן צו באַקענען זיך מיט ר' שמואלן. דערזען, אַז דאָס איז זייער אַ קלוגער און געבילדעטער מענטש, האָט ער אים געמאַכט פאַר זיין געהיימען סעקרעטאַר און אָנגעהויבן אָנצוקומען צו זיינע עצות אין די וויכטיקסטע ענינים פון דעם מלכות. אַז דער ווזיר איז קראַנק געוואָרן און דער קיניג כאַבוס האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל אָן אים אָנהייבן צו טאָן, האָט דער ווזיר פאַרן טויט זיך מודה געווען פאַרן קיניג, אַז זיין הצלחה האָט ער צו פאַרדאַנקען נאָר די עצות פון

## VII.

אין די יידישע פאָלקסמעשיות זיינען אויך פאָרגעשטעלט דער גרעסטער טייל אַנדערע, ניט הערֹאָאישע, מאָטיוון פון דעם אייראָפּעאישן פאָלקלאָר. אָבער אַלע צייכענען זיי זיך אויס מיט די זעלבע אייגנשאַפטן, און אומעטום טרעט אין זיי, אָנשטאָט דער מאַטעריעלער קראַפט, אַרויס די גייסטיקע.

איינער פון די באַליבטסטע העלדן איז דעם אייראָפּעאישן פאָלקלאָר איז דער „תּם" (אין רוסישן פאָלקלאָר דער „נאַרעלע"), וואָס גייט אָנגעטאָן קרועה־בלויה, ליגט תּמיד אויפן אויוון אָדער זיצט הינטערן אויוון, איז, דאַכט זיך, צו קיין זאַך ניט פּעאיק און דינט נאָר אַלס צילברעט פאַר דעם חוזק און די שטעכווערטלעך פון זיינע קלוגע ברידער און אַלע אַרומיקע. אין דער אמתן אָבער איז עס נאָר אַ פאַרבלענדעניש. וואָרים סוף־כל־סוף ווייזט זיך דער „נאַר" אַרויס קליגער, פלינקער און געשמיידיקער פאַר אַלע חכמים. ער באַשיידט דעם קיסרס רעטעניש, קריגט אַרויס די וואונדערלעכע פייגל, די פאַרכישופטע קמיעות, באַקומט פאַר אַ ווייב די שענסטע בת־מלכּה און נאָך אַ האַלבע מלוכה אַלס נדן.

דער אייגענער מאָטיוו איז אויך פאָרגעשטעלט אין די יידישע מעשיות, אָבער אין אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט. אָנשטאָט דעם „נאַר" פיגורירט דאָרט דער „פאַרבאָרגענער צדיק", דער נסתּר; דאָס רוב איז עס איינער פון די ל"ו צדיקים, וואָס אָן זיי וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געהאַט. דער נסתּר איז לויט זיין אויסערלעכן אָנבליק מאָדנע ענלעך אויף דעם „תּם" און דעם „נאַר" פון דעם אייראָפּעאישן פאָלקלאָר. ער גייט אָנגעטאָן ניט אַזוי ווי אַלע יידן, טראָגט אַ סערמיענגע, גייט אפילו אַמאָל אין לאַפּטשעס. מפרנס איז ער זיך געוויינלעך פון שווערער גראָבער פראַצע (אַ בעל־עגלה, אַ טרעגער), איז זייער מגושמדיק, טעמפּ און אַ גרויסער עם־הארץ. ניט נאָר וואָס ער קען ניט לערנען, נאָר אפילו דאַווענען קען ער אויך ניט. — אָבער אין דעם נייטיקן מאָמענט, דערהויפּט ווען מ'דאַרף ראַטעווען די יידן פון אַ סכּנה, ווערט ער פּלוצלונג נתגלה—און דאַן שטעלט זיך אַרויס, אַז ער איז מער חכם פאַר די גרעסטע צדיקים און איז ניט נאָר קלאָר די גאַנצע תּורה, נייערט ער קען אַלע פאַרבאָרגענע חכמות, וואָס נאָר די מלאכים זיינען זוכה דערצו. דער דאָזיקער מאָטיוו חזרט זיך איבער אין צענדליקער און אפשר הונדערטער מעשיות און לעגענדעס. אַמאָל לאָזט זיך די מעשה אויס דערמיט, וואָס דער נסתּר, אין דער סערמיענגע און די לאַפּטשעס, אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, קומט זיך שדכנען צו אַ רייכער כּלה אָדער צו אַ גרויסער מיוחסת. די אַרומיקע מאַכן פון אים חוזק, אָבער צו זייער גרויסער איבערראַשונג איז די כּלה תּיכף מסכּים, וואָרים זי האָט געזעען אין חלום (און אַמאָל—דורך אַ ווינטש־שפּיגל, וואָס זי האָט באַקומען פון אַ צדיק אַ בעל־מופת), אַז זי מוז חתונה האָבן דווקא מיט דעם דאָזיקן מענטשן.

מיר וועלן ברענגען אייניקע, מער כאַראַקטעריסטישע מעשיות פון דעם מין.

1) איינער אַ רב, אַ גרויסער גאון, האָט געהאַט אַ בת־יחידה, און האָט ניט געקענט געפינען פאַר איר קיין רעכטן חתן. איז צו דעם רב, צו דער רביצין און צו דער טאָכטער זייערער געקומען צו חלום דעם רבס געשטאָרבענער פאָטער און האָט זיי געזאָגט, אַז די טאָכטער דאַרף חתונה האָבן מיט דעם בחור, וואָס אַרבעט אויף דער דערבייאיקער מיל, אַניט וועט זי שטאַרבן. דער רב איז אַוועק אויף דער מיל און געפרעגט זיך אויף דעם אַרבעטער. צו אים איז אַרויס־

---

זיין קלינן סעקרעטאַר. דער קיניג האָט גערופן צו זיך ר' שמואל הנגיד, האָט אים געמאַכט פאַר זיין אייבערשטן מיניסטער און אים פאַרטרויט צו פירן אַלע דיפּלאָמאַטישע און מלוכישע ענינים (יידישע געשיכטע פון גרעץ, ב. IV).

געקומען אַ אָפּגעריסענער בחור מיט אַ טעמפּן פּנים. דער רב האָט מיט אים געמאַכט אַ שמועס, אָבער יענער האָט אים געענטפערט פּידרעך. האָט דער רב אים געפרעגט, צי ער האָט אַמאָל עפּעס געלערנט, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער קען אפילו ניט דאַווענען, קיין שייטל עברי ניט. דער רב אָבער האָט געהאַלטן דעם פּאָטערס פּאַרזאָג און האָט מיטגענומען דעם בחור אַהיים. ער האָט אים פאָרגעלייגט אָנצוטאָן אָנשטענדיקע מלבושים, אָבער יענער האָט ניט גע־וואָלט שיידן זיך מיט זיינע טראַנטעס. אַז די כלה האָט דערזען אַזאַ חתן, איז זי געפאַלן אין חלשות, די קרובים און באַקאַנטע האָבן זיך צעוויינט, — אָבער פאַרפאַלן, קיין ברירה איז ניט געווען. מ'האָט זיך גענומען גרייטן צו דער חופה. פּלוצלונג קומט אַריין אַ פּאַסטעך מיט אַ הויכן שטעקן און פרעגט: „וואו איז דער חתן? מיר זיינען חבר, צוזאַמען געאַרבעט ביי איין בעל־הבית". דערזען דעם חתן, האָט ער זיך געוואָרפן צו אים קושן. די כלה און די אייגענע אירע האָבן זיך נאָך מער מצער געווען. זיי האָבן אָנגעבעטן דעם פּאַסטעך, ער זאָל איינריידן דעם חתן אויסצוטאָן כאָטש די מיל־קליידער און אָנטאָן פרישע מלבושים. „דערלאַנגט אהער די זיידענע מלבושים!" — האָט דער פּאַסטעך אויסגערופן. מ'האָט דערלאַנגט די טייערע קליידער, דער חתן האָט זיך איבערגעטאָן, זיין פּנים האָט אָנגעהויבן צו לויכטן און ער האָט גענומען וויזן חידושים אין נגלה און נסתר, אַז אַלע זיינען נתפּעל געוואָרן פון זיין גרויסקייט.

2) צו אַ יידן אין קעלער האָט מען אונטערגעוואָרפן אַ דערהרגעטן קריסטלעכן יינגל און מ'האָט געמאַכט דערפון אַן עלילת־דם. אַז דער גור־אריה איז דערפון געוואָר געוואָרן, האָט ער געפאַסט און געבעטן גאָט, ער זאָל ראַטעווען דעם אומשולדיקן יידן. האָט ער געזען אין חלום, אַז ער זאָל אַוועקפאָרן ערגעץ אין אַ שטאָט, אויסזוכן דאָרט איינעם אַן אָרימען זאָקנמאַכער און הייסן אים ראַטעווען דעם יידן. איז דער צדיק געקומען אין דער דאָזיקער שטאָט, האָט קוים מיט צרות געפונען דעם זאָקנמאַכער. זעט ער, פאַר אים שטייט אַ גראָבער מענטש, אַן עם־הארץ, וואָס קען אפילו קיין צוויי ווערטער ניט זאָגן און הייבט עפּעס ווי ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס מ'רעדט צו אים. אָבער אַז דער גור־אריה האָט אויף אים אַ געשריי געטאָן, האָט ער צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, וואָס מען דאַרף.

דער זאָקנמאַכער איז צופוס אַוועק אין דער שטאָט, וואו מ'האָט געזאָלט משפּטן דעם אומשולדיקן יידן. אויפן משפּט האָבן געדאַרפט קומען דער קיניג און דער פּויפּסט. דער פּויפּסט אין אַ קאָטש, געשפּאַנט מיט פיר פערד, האָט אָנגעיאָגט דעם זאָקנמאַכער. דערזען אַן אָרימען מענטשן, וואָס גייט צופוס, האָט דער פּויפּסט אים אַוועקגעזעצט צו זיך אין קאָטש אַריין, „וואָרים די פּויפּסטן זיינען אַלעמאָל מיט גרויס גענאָד און באַרימהאַרציקייט"*). דער זאָקנמאַכער האָט געפרעגט דעם פּויפּסט, נאָך וואָס ער פאָרט אין שטאָט אַריין, און ווען דער פּויפּסט האָט אים דערציילט, אַז ער פאָרט משפּטן אַ יידן פאַר הרגענען אַ קריסטלעך קינד, האָט ער אים געבעטן, ניט אָנצוהייבן דעם משפּט אָן אים. דער פּויפּסט האָט עס אים צוגעזאָגט. אויף מאָרגן האָט מען אויפן מאַרקפּלאַץ אויפגעשטעלט אַ תליה (sic!), ס'איז געקומען דער קיניג מיט דער קיניגין און די הויפּט־שררות. דער פּויפּסט האָט געוואַרט, ביז ס'איז געקומען דער זאָקנמאַכער, און דאַן איז ער צוגעטראָטן צום משפּט. טייל האָבן געזאָגט, אַז דער ייד איז שולדיק, און טייל — אַז ער איז אומשולדיק. דאָ האָט דער פּויפּסט זיך געווענדט צו דעם זאָקנמאַכער: „און וואָס וועסטו זאָגן?" דער זאָקנמאַכער האָט זיך געשטעלט און געזאָגט: „גייט נאָך מיר!" אַלע

*) ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין די ייִדישע מעשׂיות אין לעגענדעס ווײַזט זיך אַרויס גרויס אַכטונג צום פּויפּסט, וועלכער ווערט אַלעמאָל פאָרגעשטעלט אַלס ענו, בעל־רחמנות, גרויסמוטיק און בעל־יושר. דאָס דערקלערט זיך מסתמא דערמיט, וואָס בשעת גזרות אויף יידן פלעגן די פּויפּסטן אָפטמאָל זיך אײַנשטעלן פאַר זיי. מעגלעך, אַז דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן די צוציִונג פון די יידן צו דעם העכסטן פאָרשטייער פון דעם גײַסטיקן עצם פון די קריסטלעכע פעלקער.

זיינען אַוועק נאָך אים. האָט ער זיי אַוועקגעפירט אויפן בית-עלמין און געהייסן אויפגראָבן דעם קבר פון דעם דערהרגעטן קינד. דערנאָך האָט ער אַליין געעפנט די טרונע און מאַכט צו דעם מת: „דו זעסט, ווער עס שטייט פאַר דיר? זעץ זיך!" דאָס קינד האָט זיך אויפגעזעצט. „וואָס זשע שווייגסטו? דערצייל, ווער האָט דיך געהרגעט". דאָס קינד האָט גענומען דערציילן: „איך בין געלעגן קראַנק, איז צו דעם טאַטן געקומען דער בישאָף און גענומען אים איינריידן, ער זאָל מיך קוילן און אונטערוואַרפן צו אַ יידן, און דערפאַר האָט ער אים צוגעזאָגט אַ כפרה פאַר זיינע זינד. דער טאַטע האָט לאַנג זיך געשלאָגן מיט דער דעה. אָבער סוף-כל-סוף האָט ער איינגעוויליקט, אָנגעשאַרפט דעם מעסער און, ניט קוקנדיק אויף מיינע תחנונים און קולות, מיך געקוילעט. מער געדענק איך גאָרנישט". — „גענוג! לייג זיך ווידער אין קבר אַריין!" האָט אים דער זאָקנמאַכער געזאָגט. דאָס קינד האָט זיך געלייגט און איז ווידער געבליבן טויט. פאַרשטייט זיך, אַז דער ייד איז אַרויס פריי, דעם בישאָף און דעם פאָטער פון דעם קינד האָט מען אויפגעהאַנגען, און דער זאָקנמאַכער איז געוואָרן אַ משנה-למלך.

באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז אָבער די דאָזיקע מעשה:

אַמאָל איז געווען אַן אַלט פאָרפאָלק, האָבן זיי ניט געהאַט קיין קינדער. לאַנג האָבן זיי געבעטן גאָט און לסוף איז צו זיי געקומען אַ גאָטספאָרכטיקער זקן און האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז ביי זיי וועט געבוירן ווערן אַ זון. דאָס נביאות איז מקויים געוואָרן, און ביי זיי איז געבאָרן געוואָרן אַ ייִנגעלע. האָבן זיי אים אָנגעהויבן צו לערנען און מדריך זיין, אָבער ער האָט געהאַט אַ גראָבן קאָפּ, האָט ניט געפאָלגט און תּמיד מצער געווען די עלטערן. האָבן זיי אים אָפּגעגעבן אויף דריי יאָר צו אַ חברה בעטלער אויף עדוקאַציע, איז ער פון זיי אַנטלאָפן און זיך באַזעצט אין בית-המדרש אונטערן אויוון. אין דער שטאָט, וואו ער איז געווען, האָבן אים אַלע געהאַלטן פאַר אַ נאַרעלע, אָבער אַזוי ווי ער פלעגט גוט אויפפּאַסן אין בית-המדרש, האָט מען אים געמאַכט פאַר אַ שמש.

אין דער אייגענער שטאָט האָבן געוואוינט צוויי חשובע יידן—אַ רב און אַ גביר. ביידע האָבן זיי געהאַט זין, וואָס זיינען געזעסן צוזאַמען אין בית-מדרש און געלערנט תּורה. איינמאָל האָבן די דאָזיקע בחורים אָנגעהויבן זיך איבערצונעמען איינער פאַר דעם אַנדערן מיט זייערע כלות. יעדערער פון די ביידע האָט געזאָגט, אַז זיין כלה איז שענער. פּלוצלונג טוט צו זיי דער שמש אַ געשריי: „פּטרט ניט די טייערע צייט אויף דברים בטלים, לערנט תּורה!" האָבן זיי אָנגעהויבן צו לאַכן פון אים. מאַכט ער צו זיי: „אויב איר ווילט קען איך אייך שוין ווייזן אייערע כלות. אָבער איר טאָרט זיך ניט צורירן צו זיי און קיינעם אַ וואָרט ניט זאָגן דערפון". זיי האָבן צוגעזאָגט. האָט ער געמאַכט אַן עיגול אַרום זיי. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורימווינט און ס'האָבן זיך געוויזן צוויי בעטן מיט שלאָפעדיקע כלות. די כלה פון דעם רבס זון איז געלעגן צעוואָרפענערהייט. איז דער חתן צו איר צוגעגאַנגען און צורעכט געמאַכט אויף איר די קאָלדרע—אָבער קוים האָט ער זיך צוגערירט צו איר, איז ער געפאַלן אין חלשות, און די זעעניש איז פאַרשוואונדן. דעם גבירס זון איז אַ דערשראָקענער אַנטלאָפן אַהיים, און דער שמש האָט זיך צוריק אומגעקערט אויף זיין אָרט הינטערן אויוון. אינדערפרי האָט מען דעם רבס זון געפונען אויף דער פאָדלאָגע אַ געחלשטן. מ'האָט גערופן דאָקטוירים, קיינער אָבער האָט אים ניט געקענט העלפן, און ער איז געבליבן אָן לשון און אָן פּיס.

איינמאָל איז דער רב געזעסן אין שול און האָט געוויינט. איז צו אים צוגעגאַנגען דער שמש און זאָגט: „וואָס וועט איר מיר געבן, אויב איך וועל אויסהיילן אייער זון?" דער רב האָט אים פאָרגעלייגט געלט, אָבער יענער האָט אים געענטפערט: „קיין געלט דאַרף איך ניט, גיט מיר אייער טאָכטער פאַר אַ ווייב". דער רב האָט זיך לאַנג געקווענקלט, לסוף אָבער האָט

ער מסכים געווען און געגעבן דעם שמש אַ כּתב. דער שמש האָט אים געזאָגט, וואָס ער האָט צו טאָן, און דעם רבס זון איז באַלד געזונט געוואָרן.

דער רב האָט קיינעם ניט דערציילט, ווער עס האָט אויסגעהיילט זיין זון, דער שמש האָט אויך געשוויגן. ס'איז אַריבער אַ לאַנגע צייט. דער רב האָט פאַרגעסן וועגן זיין הבטחה און האָט געטאָן אַ שידוך פאַר זיין טאָכטער מיט אַ זון פון אַ גרויסן גאון. ס'איז געקומען דער טאָג פון דער חתונה. דער שמש איז אַוועק צו דעם דיינס משרת, האָט אים געגעבן צוויי גילדן און געהייסן אים צוגיין צום רב און זאָגן: „דער שמש פון שול, לייבל, האָט געלאָזט וויסן, אַז ער וויל, עס זאָל זיין די חתונה". דער רב האָט דעם שליח אַרויסגעטריבן. דאַן האָט לייבל געגעבן דעם משרת 10 רענדלעך, מיטגעגעבן אים דעם רבס כּתב, געהייסן דעם כּתב ווייזן דעם רב און זאָגן אים: „לייבל פאַרלאַנגט, אַז איר זאָלט זיך גרייטן אין 4 וואָכן אַרום צו דער חתונה". אַז דער רב האָט דערזעען דעם כּתב, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן, פונ־דעסטוועגן האָט ער געכאַפּט דעם שטעקן און געוואָלט געבן דעם משרת אַ קלאַפּ, ער איז אָבער געבליבן אויפן אָרט אַ פאַרשטיינערטער. האָט ער געשיקט זאָגן לייבלען, אַז ער וועט האַלטן וואָרט — און תּיכּף האָט ער באַקומען די מעגלעכקייט צו באַוועגן זיך. דער רב האָט דערציילט די מחותּנים, אַז ער איז געבונדן מיט אַ וואָרט און קען ניט טאָן דעם שידוך מיט זייער טאָכטער, און זיי זיינען אַוועקגעפאָרן.

אין דער דאָזיקער צייט איז צו לייבלס עלטערן געקומען אַן אַלטער מאַן און האָט זיי איבערגעגעבן אַ בריוו פון זון, זיי זאָלן קומען צו אים אויף חתונה. אַז זיי זיינען געקומען צו פאָרן, איז לייבלס פאָטער מיט די חשובע לייט פון שטאָט געגאַנגען אין שול נאָכן חתן, אָבער קוים זיינען חתן־כּלהס עלטערן אַריין אין שול, האָט זיך די טיר הינטער זיי פאַרהאַקט און מער האָט קיינער ניט געקענט אַריינקומען. די עלטערן זיינען צו צום הינטערן־אויוון, זעען זיי — עס איז אָפן אַ טיר אין אַ הייל אַריין. זיינען זיי אַריין אַהינצו און זיינען געבליבן שטיין פאַרבלענדט פון גרויס ליכט. די הייל איז געווען פאַרפּוצט מיט גאָלד, זילבער און אַבנים טובות. אַרום אַ גילדענעם טיש אויף צען גילדענע שטולן זיינען געזעסן צען זקנים מיט גרויסע ספרים אין די הענט און סאַמע אויבנאָן איז געזעסן דער חתן; זיין פּנים האָט געלויכטן פייער־פלאַם און ער האָט געלערנט תּורה. אַז די עלטערן זיינען אַריינגעקומען, זיינען די זקנים אויפגעשטאַנען פון די ערטער, געזאָגט „מזל־טוב!" און געבענטשט דעם חתן. די עלטערן צוזאַמען מיטן חתן זיינען אַרויס פון דער חייל און אַוועק צום רב. דער חתן האָט געזאָגט חידושים אין דער תּורה. — „אַזעלכע טיפע, אַז אַפילו די גרעסטע גאונים האָבן גאָרניט פאַרשטאַנען, אָבער אַלע האָבן געפילט, אַז זיי גייען אויס מיט די כּוחות פון שמחה".

---

## VIII.

אַ צווייטער מאָטיוו, וואָס איז אָנגענומען אין די מעשיות פון אייראָפּעאישן פאָלקלאָר, איז — די ערשיינונג פון אַ רייכן שלאָס אָדער אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ אין מיטן וואַלד אָדער אין סטעפּ. דער גיבור דער ריטער אָדער בכלל דער העלד פון דער מעשה בלאָנדזשעט אין וואַלד, פּלוצלונג דערזעט ער אַ געצעלט, אַ שלאָס אָדער אַ פּאַלאַץ, וואו עס זיצט אַ צווייטער העלד, וואָס איז גרייט צו פאַרמעסטן זיך מיט אים אין כּוח, אָדער אַ מכשף, אַ ציקלאָפּ, צי גאָר גזלנים האַלטן דאָרט געפאַנגען אַ בילדשיינע בת־מלכּה. אין אַן אַנדער ציקל מעשיות ווערט דער שלאָס אָדער דער פּאַלאַץ אויסגעבויט דורך דעם העלד פון דער מעשה איבער נאַכט, דאָס רוב — לויט דעם באַפעל פון דעם ים־קיסר.

די אייגענע מאָטיוון געפינען מיר אויך אין דעם פאָלקלאָר פון די יידישע מעשות, אָדער

אין דער געהעריקער יידישער באַאַרבעטונג. אָנשטאָט גיבורים, ריטערס, בילדשיינע בת־מלכות, מכשפים און מכשפות באַגעגענען מיר דאָ די אָבות מיט דעם שטענדיקן אליהו־הנביא, מלאכים, צדיקים.

אָט איז איינע פון די פּאָעטישסטע מעשיות פון דעם מין:

צוויי רבנים, אַ גוטער און אַ בעל־כעסן, זיינען געגאַנגען צופוס פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. אונטערוועגנס האָבן זיי זיך אַזוי אַריינגעטאָן אין אַ וויכוח וועגן אַ שטיקל גמרא, אַז זיי האָבן זיך אַראָפּגעשלאָגן פון וועג און דריי טעג געבלאָנדזשעט, ניט צו באַמערקן עס, ביז זיי האָבן זיך געפונען אין אַ געדיכטן און מוראדיקן וואַלד. פּלוצלונג דערזעען זיי אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ, אַרומגערינגלט מיט אַ געמויערטער וואַנט, און אויף די גרויסע טויערן שטייט אויפגעשריבן: „זה השער לה׳, צדיקים יבאו בו״. מאַכט דער בייזער רב צו דעם גוטן: „זיינען מיר דען קיין צדיקים ניט!״ און האָט גענומען שטאַרק קלאַפּן אין טויער. אָבער דער טויער האָט זיך ניט געעפנט. דאַן האָט ער געזאָגט דעם „שם המפורש״—און דער טויער האָט זיך געעפנט. זיינען זיי אַריינגעגאַנגען אין פּאַלאַץ, אַריין אין ערשטן חדר—קיינער ניטאָ. זעען זיי אַ פּאַרמאַכטע טיר, און אין שלאָס שטעקט אַ גאָלדענער שליסל. דער בייזער רב האָט אַ שטאַרקן דריי געטאָן דעם שליסל, און די טיר האָט זיך געעפנט. זיי גייען אַריין, זעען זיי—עס שטייט אַ טיש, וואָס עס איז ניט צו באַשרייבן זיין שיינקייט, און אויפן טיש ליגט אַ גרויסער ספר מיט גאָלדענע קלאַמערן, און אויפן ספר איז פאַראַן אַן אויפשריפט: „דאָס איז דער ספר פון דעם ערשטן מענטשן״. האָבן זיי געוואָלט אויפמאַכן דעם ספר, אָבער די קלאַמערן עפענען זיך ניט. האָט דער בייזער אַ געשריי געגעבן צו דעם גוטן: „וואָס שווייגט איר? האָט איר דען ניט די זכיה אַריינצוקוקן אין דעם ספר?״ דער גוטער שווייגט און ווייס ניט, וואָס צו טאָן. דער בייזער רופט אָן איין נאָמען פון גאָט, דעם אַנדערן—עס העלפט ניט. פּלוצלונג דערזעען זיי ווידער אַ טיר מיט אַ גאָלדענעם שליסל. גייען זיי אַריין אין דעם דריטן חדר. דער חדר איז אינגאַנצן באַזעצט מיט אבנים־טובות און זייער שיין געמאָלט. אויבנאָן זיצט אַן אַלטיטשקע און האַלט צוויי זיפּן. פון איין זיפּ נעמט זי אַרויס בלעטעלעך, צערייבט זיי צווישן די פינגער און וואַרפט אין דער צווייטער זיפּ אַריין. דער בייזער רב זאָגט איר „גוט מאָרגן!״ און פרעגט, וואָס זי טוט. ענטפערט זי: „איך האָב אויף דער וועלט קינדערלעך, וואָס פאַסטן משבת לשבת, איז בשעת איך צערייב די דאָזיקע בלעטעלעך, גייט פון זיי אַרויס איבער דער גאַנצער וועלט אַ ריח־ניחוח, וואָס פרישט אָפּ די פאַסטער״. פרעגט דער בייזער רב ווידער: „ווי הייסט איר?״ ענטפערט זי: „איך הייס שרה און מיין מאַן הייסט אברהם. ער איז אַוועק אין גן־עדן אַריין נאָך פרישע בלעטעלעך״.—„און פאַרוואָס, מוטער, קענען מיר ניט עפענען דעם „ספר פון דעם ערשטן מענטשן?״—פרעגט דער בייזער. ענטפערט אים די מוטער שרה: „איר זייט נאָך ניט זוכה דערצו. איר זייט טאַקע צדיקים, אָבער איר דאַרפט נאָך מטהר זיין אייער לייב. גייט אַרויס גלייך פון טויער, וועט איר דערזען מרימס ברונען, זייט זיך דאָרט טובל און ווערט ריין״. זיינען זיי אַרויס פון טויער, געפונען דעם ברונען, און אויפן ברונען זיינען שלאַנגען און עקדישן מיט אַרויסגעשטעקטע גיפטשטעכער. זאָגט דער בייזער צו דעם גוטן: „וואָט קווענקלט איר זיך? מ׳דאַרף דאָך פאָרט וויסן, וואָס עס שטייט געשריבן אין דעם ספר פון דעם ערשטן מענטשן!״ האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מלבושים און אַרויפגעטראָטן מיטן פוס גלייך אויף די שלאַנגען. די שלאַנגען מיט די עקדישן האָבן זיך באַהאַלטן אין די לעכער. האָבן די צדיקים זיך טובל געווען און געלאָזט זיך גיין ווידער צום פּאַלאַץ, אָבער דער פּאַלאַץ איז שוין פאַרשוואונדן. האָט דער בייזער אָנגעהויבן צו שרייען: „מוטער שרה! וואָס זשע האָסטו אונז אָפּגענאַרט? מיר זיינען געווען מוכן־ומזומן אומצוקומען, אַבי נאָר אַריינצוקוקן אין דעם „ספר פון דעם ערשטן מענטשן״, און איצט האָבן מיר פאַרלאָרן אי דיך

אי דעם ספר!״ האָט זיך געלאָזט הערן אַ בת=קול: „קינדערלעך! גענוג צו וויינען: באַנוגנט זיך, וואָס איר האָט זוכה געווען צו טובלען זיך אין מרימס ברונען״. האָט דער בייזער אַ געשריי געטאָן: „מיר ווען ניט פאָלגן דעם בת=קול!״ דאַן האָט זיך דערהערט נאָכאַמאָל אַ בת=קול: „קינדערלעך! אויב איר וועט ניט אויפהערן צו שרייען, וועל איך חרוב מאַכן די וועלט און אומקערן זי אַז איר ערשטן תוהו=ובוהו. גענוג פון אַייערטוועגן, וואָס איר האָט ביים לעבן זוכה געווען צו זיין אין דעם פּאַלאַץ פון קן=צפור״. דאָ האָט זיך עמיץ באַוויזן און האָט זיי אַרויסגעפירט אויף אַ וועג.

וואָס איז שייך דעם צווייטן מאָטיוו—ווי אַזוי אַ פּאַלאַץ ווערט אויסגעבויט איבערנאַכט—געפינען מיר אים אין דער (שוין העכער דערמאָנטער) אַלטער, אין די שבתדיקע זמירות קאַנאָניזירטער מעשה, ווי אַזוי אליהו=הנביא, וואָס דער אָרימאַן, וועלכן ער האָט זיך אַוועקגעשענקט, פאַרקויפט אים אין קנעכטשאַפט, שטעלט אויף איבער נאַכט אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ לויטן באַפעל פון זיין האַר. מיר וועלן ברענגען נאָך אַ לעגענדע פון דעם טיפּ.

דער גור=אַריה, ווי ס׳איז שוין דערמאָנט געוואָרן, איז געווען איינער פון די ערשטע קיניגלעכע ראָטגעבער. איין מיניסטער האָט אים שטאַרק מקנא געווען, זאָגט ער איינמאָל אַזוי צום מלך: „פאַרוואָס עפּעס אַלע דיינע שררות און אַלע דיינע ראָטגעבער מאַכן פאַר דיר יאָ מאָלצייטן, און דער גור=אריה מאַכט עס קיינמאָל ניט? באַפעל אים, ער זאָל אויך מאַכן אַ מאָלצייט און פאַרבעטן דיך מיט אונז״ (דער מיניסטער האָט געוואוסט, אַז דער גור=אריה איז אַ גרויסער אָרימאַן, וואוינט אין אַ חורבה און איז ניט אימשטאַנד צו מאַכן אַ מאָלצייט). אַז דער גור=אריה איז געקומען צום מלך, האָט דער מלך אים געהייסן מאַכן אַ מאָלצייט. רופט זיך אָפּ דער גור=אריה: „גוט, גיב מיר איין חודש צייט, וועל איך מאַכן אַזאַ גרויסאַרטיקן מאָלצייט, וואָס קיינער האָט אַזוינס נאָך פאַר דיר קיינמאָל ניט געמאַכט״. דער מלך האָט אים געגעבן אַ חודש צייט. דער שלעכטער מיניסטער פלעגט אַלע טאָג אונטערשיקן די דינער אַ קוק טאָן, צי דער גור=אריה גרייט זיך צום מאָלצייט, האָבן אים די דינער דערציילט, אַז ער זיצט גאָר טאָג ווי נאַכט אין זיין חורבה אָדער אין שול, לערנט מיט די תלמידים תורה, און וועגן דעם מאָלצייט הייבט ער אַפילו ניט אָן צו טראַכטן. ווען ס׳איז אָנגעקומען דער באַשטימטער טאָג, איז דער גור=אַריה געקומען צום מלך, פאַרבעטן אים, די ראָטגעבער און די מיניסטאָרן, זיי זאָלן מיט אים מיטגיין אויפן מאָלצייט. דער גור=אַריה האָט זיי אַוועקגעפירט צום טייך, און אויפן ברעג טייך האָבן זיי דערזעען אַ וואונדערלעכן פּאַלאַץ. זיינען זיי אַריין—ערשט אין פּאַלאַץ שטייען געדעקטע טישן, און אויף די טישן כלים פון גאָלד, זילבער און אבנים=טובות, און אין די כלים די בעסטע מאכלים און די טייערסטע וויינען, און אָן אַ שיעור באַדינער סאַרווערן. דער מלך מיט זיינע שררות גאַפן, און דער גור=אריה האָט צו זיי אַזוי געזאָגט: „עסט און טרינקט וויפיל איר ווילט, אָבער די כלים טאָר קיינער ניט מיטנעמען״. נאָכן מאָלצייט האָבן אַלע געוומען זיך פונאַנדערגיין, און דער שלעכטער מיניסטער קען זיך ניט אַ ריר געבן פון אָרט. גאַפן אַלע, און גור=אריה זאָגט: „ער וועט ניט אַוועקגיין, וואו ער וועט ניט אַוועקגעבן דאָס זאַלצמעסטעלע, וואָס ער האָט צוגענומען פון טיש״. דער מיניסטער האָט זיך געמוזט מודה זיין אין דער גנבה און אָפּגעבן דאָס זאַלצמעסטעלע, וואָס איז געווען פון איין גאַנצן דימענט. דאָס זאַלצמעסטעלע איז זייער געפעלן געוואָרן דעם מלך און האָט עס געבעטן לייען אויף אַ ב⸗ל צייט, מ׳זאָל אים נאָכמאַכן פונקט אַזאַ.

אין אַ געוויסער צייט אַרום איז אַרויס אַ שם, אַז ערגעץ אין אַ מדינה האָט דער מלך געגרייט אַ גרויסאַרטיקן מאָלצייט פאַר אַנדערע מלכים. אַז די מלכים זיינען געקומען, איז פלוצלונג אָנגעפלויגן אַ שטורימווינט און אַוועקגעטראָגן דעם פּאַלאַץ מיט אַלצדינג, וואָס איז דאָרט געווען. און אויף מאָרגן האָט דער פּאַלאַץ זיך צוריקגעקערט אויף זיין אָרט. דער מלך

האָט זיך זייער פאַרשעמט פאַר די געסט, אָבער מער פאַר אַלץ האָט אים פאַרדראָסן, וואָס פון פּאַלאַץ איז פאַרפאַלן געוואָרן דאָס זאַלצמעסטעלע, וואָס קיין גלייכן צו אים איז ניט געווען אין דער גאַנצער וועלט.

דער מלך, וואָס האָט געליען דאָס זאַלצמעסטעלע, האָט עס אָפּגעגעבן צוריק, דעם מיניסטער האָט ער אַרויסגעטריבן און דעם גור-אריה האָט ער געמאַכט פאַר זיין משנה-למלך.

פון די אַנדערע מאָטיוון פון אייראָפּעאישן פאָלקלאָר, וועלכע באַגעגענען זיך אויך אין דעם יידישן, וועלן מיר אָנווייזן אויף „קפיצת-הדרך". אָבער בשעת-ווען אין דער אייראָפּעאישער פאָלקס-מעשה קומט עס פאָר מיט דער הילף פון מאַטעריעלע זאַכן, ווי זיבנמייליקע שטיוול, אַ פליענדיקער טעפּעך, אַ פליענדיקער פערד, און טראָגן טראָגט זיך איבער דער העלד פון דער מעשה גופא, איז עס אין די ווערק פון דער יידישער פאָלקסשאַפונג אַנדערש: די גיכע באַוועגונג קומט פאָר מיט דער הילף פון דעם צדיקס אַוואָרט אָדער אַפילו זיינער אַ מחשבה, און איבערגעטראָגן ווערט ניט דער העלד פון דער מעשה אָדער לעגענדע, נאָר פאַרקערט—די ערד שפּרינגט אונטער אים אין דער פאַרקערטער ריכטונג. נאָר אין זעלטענע פאַלן קומט די גיכע באַוועגונג פאָר אויף אַ וואָלקן, אָדער נאָך זעלטענער—אויף אַן אָדלער. וועגן דעם בעש"ט איז פאַראַן אַזאַ לעגענדע: בשעת ער איז נאָך געווען אַ נסתר און געלעבט אין טאָל, איז ער איינמאָל אַרויף אויף אַ באַרג און פאַרטיפט אין מחשבות אַרומגעגאַנגען איבערן שפּיץ. אויפן שפּיץ פון דעם קעגנאיבערדיקן באַרג זיינען געשטאַנען גזלנים. זעענדיק ווי דער בעש"ט דערנעענטערט זיך צום אָפּשטורץ, האָבן זיי געוואַרט, אַז אָט-אָט רייסט ער זיך אָפּ און פאַלט אַרונטער, אָבער בזה-הרגע איז דער שפּיץ פון דעם אַנדער באַרג זיך צונויפגעקומען מיטן שפּיץ פון דעם ערשטן באַרג, דער בעש"ט איז זיך רויִק אַריבער אַהינצו און די בערג זיינען זיך דאַן ווידער צעגאַנגען. און ווען דער בעש"ט האָט זיך אומגעקערט צוריק, זיינען זיי זיך ווידער צונויפגעקומען—און אַזוי איז געווען אַ סך מאָל.

אינטערעסאַנט איז אויך די דאָזיקע מעשה:

צוויי רבנים האָבן זיך פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד. פלוצלונג האָבן זיי דערזען פאַר זיך אַ גאָלדענעם פּאַלאַץ. זיינען זיי אַריין אַהינצו, זעען זיי, אַז ביי אַ גאָלדענעם טיש און אויף גאָלדענע שטולן זיצן אַ זקן מיט תלמידים און לערנען דעם פאַרבאָרגענעם סוד פון די ווערטער „הבל הבלים". דער זקן (אליהו הנביא) איז מסביר די תלמידים, אַז אין די דאָזיקע ווערטער איז באַהאַלטן גאָטס נאָמען, וואָס אָנרופנדיק אים קען מען איבערשפּרינגען פון איין עק וועלט אין דעם צווייטן מיט אַזויפיל שפּרונגען, וויפיל מדרגות עס איז דאָ אין דער השגה פון די דאָזיקע ווערטער. ביי דער ע ר ש ט ע ר מדרגה פון דער השגה קען מען איבערשפּרינגען פון איין עק וועלט אין דעם אַנדערן מיט א י י ן שפּרונג, ביי דער צווייטער מדרגה—מיט צ ו ו י י שפּרונגען א. אַז. וו.

דאָסגלייכן ווערט אויך דער מאָטיוו פון אַ „רואה ואינה נראה" אין דער יידישער שאַפונג דערגרייכט ניט מיט דער הילף פון אַ מאַטעריעלער זאַך („דאָס היטעלע פון אומגעזעענקייט"), נאָר דורך תעניתים, טבילות און שמות.

די בעלי-מופתים אין די יידישע לעגענדעס טוען אויך „צולייגן דעם אויער צו דער ערד", אָבער הערן זיי ניט קיין טראַמפּלען פון פערד, וואָס יאָגן זיי נאָך, נאָר דאָס, וואָס עס טוט זיך אויפן הימל אָדער אין דער שאול-תחתיה. דער ים-קיסר, וואָס רופט צונויף די פישן און באַפעלט זיי צו געפינען דעם פאַרלאָרענעם טבעת-המלכות, איז אין דער יידישער פאָלקס-מעשה פאַרוואַנדלט אין לוויתן. די „עפּל פון יונג ווערן" זיינען גענומען פון עץ-החיים אין גן-עדן. דאָס טויטע און לעבעדיקע וואַסער—פון גיהנום און גן-עדן א. אַז. וו.

בכלל געפינען מיר אין די ווערק פון דער יידישער פאָלקסשאַפונג כמעט די אַלע גרונד-

עלעמענטן וואָס אין דעם פאָלקלאָר פון אַנדערע פעלקער. אָבער דידאָזיקע אַלע עלעמענטן זיינען פון דעם מאַטעריעלן באָדן אַריבערגעטראָגן אויפן באָדן פון רוחניות, דורכגעדרונגען מיטן ביבליש־תלמודישן גייסט און באַפאַרבט מיט אַ שטאַרקער רעליגיעזער שטימונג.

יידיש—ז. רייזען.

* * *

דער דאָזיקער אַרטיקל—די ערשטע אַרבעט פון ש. אַנ—סקי אויפן געביט פון דעם ייִדישן פאָלקלאָר און עד־היום דער איינציקער גרינדלעכער פרוב אויסצופאָרשן די יסודות פון דעם ייִדישן פאָלקסשאַפן—איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם זאַמלבוך „Пережитое" (ב. I, 1908). הגם אַ קורצן אויסצוג דערפון האָט אַנ—סקי אַליין אָפּגעדרוקט אויף ייִדיש אין דער מאָנאַטשריפט פון זיין חבר און פריינד ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, „דאָס נייע לעבען" (ניו־יאָרק 1910—„די גרונדשטריכען פון דעם יודישען פאָלקסשאַפען"), האָבן מיר דאָך געפונען פאַר נייטיק צו געבן זי פאַר אונזערע לעזער בשלמות, ניט אויסלאָזנדיק אפילו די הקדמה, וואָס איז אין געוויסע פּרטים פאַראַלטערט. מיר האָבן אויך געשטרעבט צו האַלטן זיך טריי אָן דעם אָריגינאַל און נאָר ביים איבערגעבן דעם אינהאַלט פון די ייִדישע פאָלקסלידער האָבן מיר אָנשטאָט אַנ—סקיס רוסישער איבערזעצונג געבראַכט זיי אין דעם אָריגינאַל. אויך האָבן מיר געהאַלטן פאַר מעגלעך אָנשטאָט איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פון דער לעגענדע וועגן דער דין־תורה מיט גאָט—אָפּצודרוקן דעם לעזער צו אַנ—סקיס אייגענער באַאַרבעטונג פון דער דאָזיקער חסידישער פאָלקס־מעשה.

פון די איבעריקע אַרטיקלען אַנ—סקיס אויפן געביט פון דעם ייִדישן פאָלקלאָר קענען מיר פאַרצייכענען פאָלגנדיקע: „די אָפּשפּרעכענישן און פאַרריידן קעגן פון עין־הרע, קרענק און אומגליקספאַלן צווישן די ייִדן אין צפון־מערבדיקן קאַנט" („Еврейская Старина", 1909, I); „וועגן דעם ייִדישן פאָלקסליד" (idem, 1909, III); „קינדערשע פאָלקסלידער" (idem, 1910); „די בלוט־בילבולים אין דער ייִדישער פאָלקסשאַפונג" („Русское Богатство", 1912, I) א. אַנד.

אין דער דאָזיקער לעצטער אַרבעט, וואָס אַנ—סקי האָט פאַרעפנטלעכט אין דער צייט פון דער בייליס־אַפערע, ברענגט ער בקיצור די הקדמה צו זיין אַרבעט, וועלכע איז ביי אונז איבערזעצט, מיט אַ פּאָר נייע פּרטים (די אָנווייזונג, למשל, אַז דעם רייכן מאַטעריאַל פון די פאָלקסמעשיות, אגדות, לעגענדעס און משלים, וואָס צירקולירן ממש אין די צענדליקער טויזנטער צווישן די פאָלקסמאַסן און בילדן, נאָך דער רעליגיעזער ליטעראַטור, די הויפּטשפּייז פון פאָלק, האָט ברייט אויסגענוצט בלויז די שולחן־ליטעראַטור, וואָס אין אירע אויסגאַבן געפינען מיר מאַסן מעשיות און לעגענדעס, ליידער אָבער אין אַ מער אָדער ווייניקער געענדערטער פאָרם); דאַן אַנטוויקלט ער אין קורצן זיין קוק אויף דער ייִדישער פאָלקסשאַפונג און שטעלט זיך דערהויפּט אָפּ אויף די לעגענדעס וועגן מהרי"ל אין דעם בעש"ט, וועלכע האָבן אַ שייכות צו די גזרות פון עלילת־דם.

צום סוף מאַכן מיר אייך אויפמערקזאַם, אַז אין אונזער איבערזעצונג אין דער הערה, וואו עס רעדט זיך וועגן די לעגענדעס, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דעם רמב"ם, האָבן מיר איבערגעלאָזט די באַצייכענונג „האָמונקולוס", ניט ווייסנדיק, וואָס אַנ—סקי האָט דערמיט געמיינט אין ייִדיש (וואָרים די חכמה צו מאַכן אַ „גולם" שרייבט, דאַכט זיך, דאָס פאָלק ניט צו דעם רמב"ם). אויך האָבן מיר אין דער לעגענדע וועגן אלכסנדר מוקדון געלאָזט די אָנווייזונג אויף „תלמוד צ"א", הגם ס'איז קלאָר, אַז אַנ—סקי האָט דאָ געמאַכט אַ טעות. דערצו נאָך זיינען אַריינגעפאַלן אייניקע גרייזן: פרילעכע אָנשטאָט פייערלעכע און בספר פנים יפות אָנשטאָט בספר פנים יפות.

ד. ..

